יעקב גלאנץ

# ה. לייוויק

## אין סטיל פון דער עפּאָכע

עסיי



אַרויסגעגעבן פון אידישן קולטור צענטער
אין מעקסיקע



1943 מעקסיקע, ד. פ. תשג

# ביאָ-ביבליאָגראַפישע דאַטן

ה. לייוויק — פסעוודאָנים פון לייוויק האַלפּערן.

געבוירן דעם 3־טן טאָג חנוכה, 1888, אין דעם שטעטעלע אי־הומען, מינסקער גובערניע, ביי זייער אָרימע עלטערן. זיין פאָטער איז געווען אַ היימיש־שטעטלשער לערער און די מוטער — בייגל־בעקערין.

ביז 1898 לערנט לייוויק אין חדר פון איהומען, אין בערעזינער ישיבה און אין טאַטערישער קלויז פון מינסק.

אין 1900 — צו צוועלף יאָר — פּרוּווט ער שרייבן העברעאישע לידער. אין 1904, ווען ער טרעט אַריין אין „בונד", באַקענט ער זיך מיט דער יידישער ליטעראַטור, און מאַכט די ערשטע שריט צו שרייבן יידיש.

אין 1906 — ווערט ער אַרעסטירט צוויי מאָל פאַר אָנגעהערן צום „בונד" און פאַר האַלטן רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור.

אין 1907 — שיקט ער איבער פון טורמע צו אַ פריינט אין ניו־יאָרק זיין ערשט יידיש ליד, וואָס ווערט פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „צייט־גייסט" (דאָס ליד איז אין זיינע געזאַמלטע ווערק נישט אַריין).

1908 — קומט פאָר זיין פּראָצעס און ער ווערט פאַרמשפּט אויף פיר יאָר קאַטאָרגע, אָפּקומענדיק דעם טערמין אין דער באַוווסטער מאָסקווער טורמע: „בוטירקי".

אין 1912 — ווערט ער פאַרשיקט אויף זיין גאַנץ לעבן קיין סיביר. ער קומט אָפּ אַ יאָר צייט אויף פאַרשיקונג אין דעם פאַרוואָרפן סיבירער דערפל, וויטים, אירקוטסקער גובערניע, קורינסקער אויעזד, אויף די ברעגן פון טייך לענאַ.

אין 1913 — געלינגט אים צו אַנטלויפן פון סיביר (באַשריבן אין זיין לידער סעריע: „אויף וועגן סיבירער", וואָס האָט געמאַכט אַ רושם אין דער יידישער ליטעראַטור) און ער דערשלאָגט זיך קיין אַמעריקע.

אָנקומענדיק קיין ניו־יאָרק, זומער צייט פון יאָר 1913, פאַר־נעמט ער זיך מיט קלעפּן טאַפּעטן און הויז־מאַלעריי.

אין 1914 — באַזעצט ער זיך אין פילאַדעלפיע, ווו ער אַרבעט אַלס צושניידער פון קינדער קליידער. דאָרטן באַקענט ער זיך מיט דעם באַוווסטן יידישן שרייבער, משה קאַטץ, וועלכער גרינדעט דעמלט די פילאַדעלפיער טעגלעכע צייטונג, „די יידישע וועלט", און אונטער

קאַטצס רעדאַקציע פּובליקירט ער זיינע ערשטע רייפע לידער. אין דעם זעלבן יאָר פאַרעפנטלעכט ער אויך זיין באַרימט ליד „ערגעץ־ווייט" אין „צוקונפט", אונטער ליעסינס רעדאַקציע.

ער פאַרבלייבט אָבער נישט לאַנג אין פילאַדעלפיע, טאַקע אין זעלביקן יאָר (1914), קערט ער זיך אום צוריק קיין ניו יאָרק. דאָרטן אַר־בעט ער ווידער ביי טאַפּעטן־קלעפּעריי. דורך קאַליאַ טעפּער, זיין פריינט פון דער היים נאָך, דערנענטערט ער זיך צו דער גרופע „יונגע", און ער באַטייליקט זיך אין אַלע אויסגאַבן פון אָט דער גרופע, אין די זאַמלביכער „ליטעראַטור און לעבן", „איסט בראָדוויי", „אינזל", שריפטן" א. אַ.

אין 1915 האָט לייוויק חתונה מיט שרה סולטאַן.

אין 1919 דערשיינט זיין ערשט בוך לידער א. נ. „לידער פון ה. לייוויק (פאַרלאַג „אינזל, ניו יאָרק, 183 זייטן).

אין 1921, דערשיינט זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „דער גולם" — דאָס פונדאַמענטאַלע ווערק זיינס, וואָס שטעלט אים אַוועק אין די ערשטע רייען פון דער נייער יידישער ליטעראַטור (פאַרלאַג „אַמעריקע", 222 זייטן, מיט צייכענונגען און האַלצשניטן פון מאַקס וועבער און י. טאַפּעל).

אין 1922, דערשיינט אַן אויפלאַגע פון „גולם" אויך אין וואַר־שעווער פאַרלאַג פון „קולטור־ליגע".

אין 1923 פּובליקירט דער וואַרשעווער פאַרלאַג „קולטור ליגע" זיין אַ נייעם באַנד לידער, „אין קיינעמס לאַנד" (ווו עס גייען אריין זיינע גרעסערע פּאָעמעס, „ער", „דאָס קראַנקע צימער", „דער וואָלף", „די שטאָל").

אין 1925 מאַכט לייוויק אַ רייזע איבער אייראָפּע, — ער באַ־זוכט פראַנקרייך, דייטשלאַנד, פּוילן, סאָוויעטנפאַרבאַנד. ער ווערט אין אָט די אַלע לענדער אויפגענומען מיט גרויס וואַרעמקייט און אַנערקענונג. די איינדרוקן פון אָט דער טריומף רייזע זיינער, פאַרעפנטלעכט ער, אין דער „פרייהייט", ווו ער אַרבעט מיט ווי אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער — ביז 1929, ווען ער טרעט אַרויס, צוזאַמען מיט אַ גרופּע אַנדערע יידישע שריי־בער, צוליב די טרויעריק באַרימטע פּאַלעסטינער געשעענישן.

אין 1933 — ווערט ער לונגען־קראַנק און ער פאָרט אָפּ אין ספּיוואַק־סאַנאַטאָריע פון דענווער. דאָרטן שרייבט ער זיינע לויטערסטע לידער וועגן טויט, וואָס זענען דערשינען אין צוויי בענדער א. נ. „לידער פון גן עדן".

אין 1936 — באַזוכט ער אַרגענטינע, אַלס דעלעגאַט פון יידישן פּען־קלוב צום אַלוועלטלעכן פּען־קאָנגרעס. ער באַזוכט אין דער זעלבער צייט בראַזיל און אורוגוואַי.

אין 1936 — רעדאקטירט לייוויק, צוזאמען מיט י. אפאַ־טאשו, די ליטעראַרישע „זאמלביכער", וואס צייכענען אָן אַן עטאַפּ אין דער נייער יידישער ליטעראַטור.

אין 1937 — פאָרט ער, ווי איינער פון דער אַמעריקאַנער דע־לעגאַציע, צום אַלוועלטלעכן יידישן קולטור קאָנגרעס (איקוף) אין פאַריז און פון דאָרטן פאָרט ער אָפּ אויף אַ באַזוך קיין ארץ ישראל. דער באַזוך אין פּאַלעסטינע האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דעם דיכ־טערס אַנשויאונגען. אין די לידער פון נאָך דעם פעריאָד קאָן מען געפינען טיפע שפּורן פון זיין ארץ ישראל באַזוך און פון די קאַרדינאַלע ענדערונ־גען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין זיין געדאַנקענגאַנג: דערנענטערנדיק אים צום געדאַנק פון אַ „נאַציאָנאַל יידישער היים".

פאַר אָט דער צייט פאַרעפנטלעכט ער אַ גרויסע צאָל לידער־זאַמלונגען און דראַמעס. צווישן זיי:

„אויפן ראַנד פון אַנהייב" (וועג־איינדרוקן פון סאָוויעטנפאַר־באַנד), קאָאָפּ. פאַרלאַג „קולטור ליגע", קיעוו, 1925, 31 זייטן.

„שניי אַראָפּגעפאַלענער", אַ זאַמלונג אויסדערוויילטע לידער, פאַרלאַג „שול און בוך", מאָסקווע, 1925, 200 זייטן.

„דורך זיבן טויטן" (לידער), פאַרלאַג „קולטור ליגע", קיעוו, 1926, 93 זייטן.

„אַרימע מלוכה" — דראַמע אין פיר אַקטן, ווילנע, 1926, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, 141 זייטן.

„באַנקראָט" — דראַמע אין דריי אַקטן, 1927, פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, ווילנע, 170 זייטן.

„לידער" — פאַרלאַג „פריינט", ניו יאָרק, 1932, 304 זייטן.

„די גאולה קאָמעדיע" (דער גולם חלומט) — דראַמאַטישע פּאָ־עמע אין עלף בילדער; — צווייטער טייל פון „גולם". פאַרלאַג ל. מ. שטיין, שיקאַגע, 1934, 226 זייטן.

אין ווילנער פאַרלאַג פון באָריס קלעצקין זענען דערשינען פון 1927 ביז 1937 זיינע דראַמעס: „שאָפּ", „שמאַטעס", „קייטן", „הירש לעקערט".

ה. לייוויק וועגן ארץ ישראל, וואַרשע, 1938 (בראשור).

ווערק, וואָס זענען נאָך נישט דערשינען אין בוך־פאָרם, און וואָס זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין פאַרשידענע זאַמלביכער:

די דראַמעס: „סדום" און „עקדה" (אין „צוקונפט"); „דער פּאָ־עט איז געוואָרן בלינד" (אין די „זאַמלביכער" פון אָפּאַטאָשו־לייוויק)

„ווער איז ווער?" (די דראַמע איז געוואָרן אויפגעפירט אין ניו יאָרק און ס'איז מיר נישט באַקאַנט, צי זי איז שוין דערשינען אין בוך־פאָרם).

לייוויקס „גולם" איז אויך געוואָרן איבערזעצט אין ענגליש און העברעאיש און אַ טייל פון זיינע דראַמעס און לידער — אין ענגליש, שפּאַניש, רוסיש און העברעאיש.

אין מאַי 1939 — ווערט אין ניו־יאָרק געפייערט לייוויקס פופציק יאָריקער יובילײ, מיטן אַנטײל פון די סאַמע ווירדיקסטע פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור, — די פייערונג ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־מאַניפעסטאַציע פאַרן דיכטער. ענלעכע פייערונגען ווערן אויך דורכגעפירט אין אַנדערע שטעט פון אַמעריקע.

אין 1940 — גיט דער „לייוויק־יובילײ־קאָמיטעט" ארויס אַלע זיינע לידער און דראַמאַטישע פּאָעמעס, אין צוויי בענדער: ערשטער באַנד — לידער און פּאָעמעס (1914—1940) — 669 זייטן; צווייטער באַנד — דראַמאַטישע פּאָעמעס — (1914—1940) — דער גולם, די גאולה־קאָמעדיע, די קייטן פון משיח, אַבעלאַר און העלואיז — 498 זייטן. געדרוקט אין צוויי טויזנט איין הונדערט עקזעמפּלאַרן, לוקס־אויסגאַבע, הילע געצייכנט פון נאָטע קאָזלאָווסקי, ניו־יאָרק ניינצן הונדערט פערציק, ת"ש.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר אַרבעט לייוויק מיט אין „טאָג", ווו ער פאַרעפנטלעכט רעגלמעסיק לידער און אַרטיקלען וועגן קולטור און ליטעראַטור־פראַגן.

* * *

די ביאָ־ביבליאָגראַפישע דאַטן, וואָס איך גיב דאָ אָן, פּרעטענדירן נישט אויף פּינקטלעכקייט. ווייל נישט אַלץ איז מיר מעגלעך געווען צו קאָנטראָלירן. איך מיין אָבער, אַז די דאָזיקע דאַטן וועלן דינען ווי אַן אריינפיר צו דעם עסיי, — „לייוויק — אין סטיל פון דער עפּאָכע", — וואָס איז ספּעציעל געשריבן געוואָרן צו דער געלעגנהייט פון ה. לייוויקס אַנקומען קיין מעקסיקע.

ה. לייוויק קומט קיין מעקסיקע אַלס גאַסט פון דעם מעקסיקאַנער יידישן „קולטור־צענטער", צום חנוכת הבית פון דעם אייגענעם בנין פון אַט דער געזעלשאַפט.

איך נוץ דאָ אויס די געלעגנהייט אויסצודריקן מיין דאַנק דעם „קולטור־צענטער" פאַר ארויסגעבן ד דאָזיקע אַרבעט מיינע וועגן לייוויקן.

א.

## סטיל פון דער עפּאָכע

סטיל איז נישט נאָר מענטש, סטיל איז אויך צ ײ ט, עפּאָכע אין וועלכער דער קינסטלער לעבט און ווירקט, און אויף וועלכער ער לייגט ארויף זיין חותם.

און די עובדה פון יעדן קינסטלער איז אויפֿצוגעפינען דאָס ווערטפולע פון ז ײ י ן צייט און עס איבערטראָגן אין זיינע ווערק.

דאָס ווערטפולע אין יעדער לעבנס־דערשיינונג איז אויך דאָס וועזנ־דיקע אין דער קונסט.

אפילו אין שווין פאַרקאַלכטע פּאָסילן קאָן דער קינסטלער ארייננבלאָזן רוח־חיים און איבערגעריסענע לעבנס־פראַגמענטן אָנבינדן אָן דעם לויף פון דער געלעבטער ווירקלעכקייט.

סטיל איז נישט אַזוי וואונדערלעך אין זיין אַלטקייט, ווי אין זיין ג ר י נ ק י י ט, האָט ווו געזאָגט זשול ראָמען.

יעדע צייט האָט איר לשון, איר אויסדרוק, אירע פאָרמען און איר לאַנד־שאַפט.

און עכטע פּאָעטן זענען ד י וואָס דערשפּירן ערגעץ אין דער טיף פון זייער פּסיכיק אָט דעם ריח פון זייער צייט, דעם סטיל פון זייער עפּאָכע.

עס זענען דאָ פּאָעטן, וואָס שטייען מיט איין פוס אין אַן אָפּגייענדיקער עפּאָכע און מיט זייערע חושים דערשנאַפּן זיי שוין די אָנקומענדיקע צ ײ ט, און זיי נעמען ז י קונציק אריין אין זייערע ווערק.

יהואש האָט ביי אונדז געהערט צו אָט דער קאַטעגאָריע דיכטער.

און ה. לייוויק איז פון אָט די פּאָעטן, וואָס האַלטן אין איין זוכן די אידייען פון זייער צייט־צו געבן זיי געשטאַלטיקונג.

אין זיין באַוווסטזיניקן קינסטלערישן גאַנג אין די פוסטריט פון דער עפּאָכע, האָט ער זייער אָפט עובר געווען אויף די לאַוון, וואָס די קריטיק האָט אָנגעשריבן, אַז מ ע ט א ר נ י ש ט קינסטלעריש געשטאַל־טיקן די לויפנדיקע צייט, מחמת מע וועט קיינמאָל נישט קענען אָנכאַפּן פאַר אַ האָר אפילו דעם ברענענדיקן מאָמענט און אים באַזעצן אין דער ליטעראַטור.

דער דיכטער דאַרף, לויט די דאָזיקע טעאָריעס, וואַרטן ביז די הייסע רעאַליטעט וועט זיך אָפּקילן אין שטיקער לאַווע, און פון אַט דעם לאַווע־שטיין וועט דער קינסטלער נאָכדעם אויסהאַקן זיינע פיגורן.

אין אַ בריוו צו זיינעם אַ מיטצייטלער האָט שילער געשריבן, אַז דער קינסטלער דאַרף זיין אַ קינד פון זיין צ י י ט, אָבער נישט איר שקלאַפישער דינער.

איז דאַרטן טאַקע ווו לייוויק איז נישט געווען ביכולת צו געשטאַלטן די מאָמענטאַלע איבערלעבונג, האָט ער זיך אַן עצה געגעבן פאַרוואָרפנדיק נעצן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַרויסטויכנדיק פון אירע פאַרבאָרגענע אינגעווייטן שטיקער פאַרגליווערט געוואָרענעם לעבן, און צעשמעלצנדיק דעם גליווער, אויסגעפונען אין אים דעם ל ע ב ע ד י ק ן מענטשלעכן אָטעם פון אַלע צייטן.

פיין פון יחיד און כּלל, האָט אָממינסטן אינטערעסירט לייוויקן אויסצוגעפינען אין דעם הייסן היינט ווי אין דעם אָפּגעקילטן נעכטן.

אָבער לײַדן נישט לשם לײַדן אַליין, אינטערעסירט לייוויקן, ווי די סימבאָליסטן, צו וועלכע ער האָט זיך אָנגעשלאָסן, בעת זיין אַריינקומען אין דער ליטעראַטור, טייטשן דעם דאָזיקן באַגריף.

לײַדן — ביי די סימבאָליסטן, — איז דער עיקר. אַז זיי האָט דער מענטשלעכער לעבן קיין זין נישט.

און ביי לייוויקן האָבן לײַדן חוץ דעם נאָך אַ ציל.

דער ציל איז: לײַדן, וואָס פאַרברידערן, — ב ר י ד ע ר ל ע כ ק י י ט דורך לײַדן.

אַ פאַרגייער לייוויקס, אַברהם רייזען, למשל, קומט צו דער מסקנה, אַז די אויפלייזונג פון לײַדן, איז: אין קבר.

„ענג איז אין קבר, דאָך שלאָפט מען באַזונדער".

און ביי לייוויקן:

„די נאַרע איז קורץ,
נאָר שלאָפן מוז יעדער זיך לייגן —
לייגט איינער די פיס
דעם צווייטן אַרויף אויף די אויגן.

און איינער דעם קאָפּ
שפּאַרט אָן צו דעם אַנדערנס קייטן.
די נאַרע איז ענג —
מוז יעדערער האַלדזן דעם צווייטן".

דורך ליידן ווערן דא מענטשן געהאלדזט און געברידערט.

דאס האלדזט זיי און נעמט זיי ארום דער געמיינזאמער שיקזאל, דער אידעאל, דער ציל, פאר וועלכן זיי ליידן.

„רוק ארויס דיין קאפ פון שוידער,
עפן אויף די שטייפע ציין
און צעריים די קייט פון נדר:
אייביק זיין מיט זיך אליין".

(דארט, ז' 294)

פונקט ווי דאסטאיעווסקיס פערסאנאזשן ראנגלען זיך איינער מיטן צווייטן אויף די היערארכישע טרעפלעך פון דערנידעריקונג און שטאלץ, אזוי קעמפן צווישן זיך לייוויקס געשטאלטן צווישן ליבשאפט און ליידן.

„דאס גליק זיך קאנען אפזאגן פון גליק", איז ביי לייוויקן דערהויבן געווארן צו א טוגנט.

די אנגעבונדנקייט פונעם יחיד אינעם כלל, — איז לייוויקס וועלט־באנעם; די ליידן פונעם איינצלנעם פארבונדן מיטן קאלעקטיוו לטובת אלגעמיין־מענטשלעכן ווילזיין.

אט די קונסט־קאנצעפציע האט לייוויק געלערנט ביי די רוסישע הומא־ניסטן, ווי מע באצייכנט זיי. די קינסטלער, וואס זענען אויף זייערע איינצלנע שיפלעך אפילו שטענדיק געשווומען מיטן סאציאלן שטראם.

געגאנגען מיט די שטרעמונגען פון די נייע סאציאלע שטראמען, ווי יחידיש זיי זענען נישט געווען.

און אנמעסטנדיק די דאזיקע קונסט־באגריפן צו אונדזער יידישער ווירקלעכקייט, צום נוסח, אזוי צו זאגן, פון אונדזער ליטעראטור, איז ער פון כמה־יארן אן געווען אויסגעדריקט מער אין דעם אינהאלט, אין דער אידיי, ווי אין דער פארם.

א ייד ווען אפילו ער שמירט די רעדער דאוונט ער.

„עס זענען נישטא קיין צוויי וועגן פון גוטס און שלעכטס, נאר ס'זענען דא צוויי וועגן פון גוטס", — האט געזאגט אמאל דער רוסיש - יידישער דיכטער ה. מ. מינסקי: וויל מען דינען דער ריינער קונסט, דארף מען זיך אפגעבן מיט אלע אירע קאפריזן; וויל מען דינען דער אידיי, איר לעבנס־זין, איר לעבנס טראגיק ארויסברענגען, דארף מען פארבויגן אפטמאל אויף עקזאלטירטע צארטקייטן און ווארט־שיינקייטן, און אראפנידערן פון בארג אלימפ אויף דער ערד.

און ווי יידישע פאעטן זאלן זיך נישט וועלן פארפאנצערן פון דער ווירקלעכקייט, פארבאהאלטנדיק זיך אפילו אונטער א טשערעפאכע־שא־לעכץ, לאזן זיך איינשפריצן די גרעסטע דאזעס פון אינמוניטעט צו קע־

נען ביישטיין דעם נסיון פון דער ביטערער, מיט ריטער שניידנדיקער וואָר, וועט עס זיי נישט העלפן.

„אונדזער לעבן האָט סייווי נישט געלאָזט אַ העלפאַנט־ביין טורעם בויען".

„אינקוויזיציע קעלערן האָבן מיר געהאַט, דאָס יאָ. געטאָ־ווענט האָבן מיר געהאַט, און מיר האָבן זיי אויך היינט, דאָס יאָ".

און „נישט דער בעל החלום און נישט דער בעל החכמה ביי אונדז האָבן געהאַט וועלכן עס איז שאַנס אויסצוטאָן זיך פון יידישן יאָך, פון יידישער אחריות. אפילו דעמלט ווען זיי (די יידישע פּאָעטן) האָבן געפּראַוועט יחידות, התבודדות; אפילו דעמאָלט ווען זיי האָט זיך גע־דוכט, אַז זיי זוכן די יסודות פונעם אייגענעם „איך", — ווו זיי זאָלן נישט געוועזן זיין, — אומעטום האָט דער פייער פון יידישער אחריות געברענט זיי די פּיס, געבראָטן די פּיאַטעס, און מער פון אַלץ געצותדן און געבראָטן דאָס האַרץ". 1)

און ביי אַט דעם קינסטלערישן אני מאמין, האָט זיך לייוויק געהאַלטן אויפן גאַנצן וועג פון זיין שאַפן:

זוכן די אידייען פון זיין צייט און געבן זיי געשטאַלטיקונג.

און אין זיין דראַנג אריינצונעמען אין דער קונסט די שענסטע פון די חלומות פון זיין צייט, די שענסטע פון די אידייען פון זיין עפּאָכע, שפּרייזט דער קינסטלער אריבער במילא די צייט־גרענעצן און ער קומט אריין אין די פאַרבאָטענע געביטן פון דער א י ב ע ר צ י י ט ל ע כ ק י י ט, ווי מעטערלינקס אַ העלד, וועמען דער דיכטער לאָזט אַ קוק טאָן אויף גאָטס וועלט איידער ער ווערט געבוירן...

1) ל י י וו י ק ס רעדע, ביים שליסן די „ציקאָ"־קאָנפערענץ, אָנ־הייב 1942.

ב.

# דער וועג צו זיך

יעדער קינסטלער געפינט זיך שטענדיק אין אַ קאָנפליקט.
און דער קאָנפליקט וואַקסט אַרויס:

א. — פון דער סביבה פון וועלכער ע ר איז נישט בכוח זיך אַרויס־צוריסן, ווי אַ בוים פון זיינע וואָרצלען, און

ב. — פון זיין שעפערישן איך, וואָס רייסט זיך, ווי מיט פליגלען, אָוועקצופליען אין אויסגעחלומטע נישט־דאַאיקייטן.

און ווען דעם קינסטלער געלינגט אויסגלייכן דעם דאָזיקן קאָנפליקט, געפינט ער זיין שאַפונגס־וועג.

בעת לייוויקס אָנקומען אין דער יידישער ליטעראַטור, איז פאַר אים אויך אויסגעוואַקסן דער דאָזיקער קאָנפליקט.

פון איין זייט — די טראַדיציע פון דער יידישער פּאָעזיע ביז אים, און פון דער צווייטער זייט, — האָט זיך די יידישע ליטעראַטור, און בעיקר די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע, פאַרנומען אויף נייע, זוכערישע וועגן.

עס איז געווען דער פּעריאָד פון די „יונגע", צו וועלכע לייוויק האָט זיך קינסטלעריש אָנגעשלאָסן. אָבער נישט אידענטיפיצירט אידייאיש.

און דער רוב מנין פון אָט דער גרופּע פּאָעטן צו וועלכער לייוויק האָט געהערט פאָרמעל, איז געווען אַ נ ט י ס אָ צ י אַ ל. זיי האָבן מער אָפּ־געשטעלט זיך אויף די נייע פאָרמען, ווי אויף דעם אינהאַלט און גרויסן סטיל פון זייער צייט.

ה. לייוויק האָט פון זיינע ערשטע שריט אין דער יידישער פּאָעזיע געזוכט, צוזאַמען מיט די נייע פאָרמען, די פאַרבלייבנדיקע אידייען פון זיין דור, באַמיענדיק זיך צו געבן זיי געשטאַלטונג.

זיין באַוווסטזיניקער קינסטלערישער גאַנג איז פון לכתחילה געווען אין דער טראַדיציע פון דער יידישער ליטעראַטור.

ער האָט זיך געשטעלט מיט אַ פוס אין דער עפּאָכע און מיטגע־שלעפּט אין זיינע לידער אירע טיפּישסטע און טיפסטע פּאַסירונגען.

ער האָט זיך באַלד פאַרנומען אויף גרויס־געביי נישט אויף די קליינע

ארנאמענטישע דעטאלן, ווי עס האבן געטאן א סך פון זיינע צייט־חברים, קינסטלער מיט גאר גרויסע מעגלעכקייטן.

ער האט אין נייע פארמען אין גוסט פון זיין צייט אריינגעגאסן אן איבערצייטלעכן גייסט. אט יענעם תוכן, וואס וואס עלטער ער ווערט — ווערט ער, ווי אלטער וויין, שטארקער.

ער האט זיך געשטעלט די אויפגאבע אין זיין קונסט, נישט אזוי דעם קונסט־גענעסער איבערצושרעקן מיט איבערראשנדע נייע אויס־דרוקן און מאניערן, ווי אים מאראליש צו באווירקן, אים גייסטיק צו דער־הויבן און א ר ו י פ ש טע ל ן נאך א שטאק אויף זיין גייסטיקן בנין.

און דאס האט אים אויך שפעטער אוועקגעפירט אויף גאנץ אנדערע וועגן פון זיינע צייט־חברים, מיט וועלכע ער איז געווען ליטעראריש פאר־בונדן, קאלעגן' זיינע וואס האבן צוזאמען מיט אים געשעפט אין די טיפע ברונימער פון פאלקס־אוצרות, ארויסברענגענדיק פון דארטן די דרעמלענ־דיקע ווארט־שיינקייטן, אנטועוענדיק זיי אין צירלעכן לבוש.

„זענען מיר אלע געבוירן און ווילן,
זענען מיר אלע אוממעכטיק און קליין —
לאמיר ווי קינדער, ווי קליינע זיך שפילן,
ווען אונזער זון וועט אין הימל פארגיין. —

און ווערט אונדזער לעבן אלץ בלאסער,
און הערט זיך נאר קוים אונדזער שטים,
לאמיר זיין שטילער פון וואסער,
זינגענדיק לידער צו אים." —

האט אימפרעסיאניסטיש־דין און שיין געזונגען, דענסטמאל, זישא לאנדוי, און ה. לייוויק האט שוין דעמלט אקצענטירט זיין קרעדא:

„נאך יינגלווייז, ווען אלע קינדער האלטן זיך אין שפילן,
האב איך מיך פאר א גרויסן שוין געהאלטן,
געלעבט מיט זיך אליין, מיט מענטשן פון דערווייטן,
אזוי ווי עפעס וואס פון אלעמען באהאלטן.

איך האב שוין דאן געזען, ווי מענטשן ליידן־שווייגן, —
האב איך דעם שווייגן זייערן אין זיך פארנומען,
און עפעס פארגעשטעלט זיך ווייט אין ווייטער עלטער,
עפעס גרויסעס, וואונדערלעכעס וועט פון ליידן קומען."
(„אלע ווערק", ז' 9)

ער טרינקט זיך אָן מיט מענטשלעך שווייגנדיקן ליידן, און וואַרט אויף דעם וווּנדער, וואָס וועט אַמאָל פון דעם שווייגן זיך אַנטפּלעקן.

ער האָט „אין דערוואַרטונגען זיין יוגנט געליטערט", וויסנדיק אַז „אין יעדנס האַרץ איז דאָ אַ ליכטיקייט, אַ שיין."

„אויף וועלכער שוועל דו זאָלסט נישט שטיין —
קלאַפּ אָן און גיי אַריין."

(אַ, וו. ז' 13)

נישט אונטערטעניקייט און „שטילער פון וואַסער"־אונטערגעבונג צו דער גורלדיקייט, ווייל ער אין זיך, לייוויק, איינפּלאַנצן, נאָר אויפהאָדעווען אין זיך דעם באַוווּסטזיין, אַז

„ס'וועט קיינער נישט ווערן געהרגעט,
אין קריג און געשלעגן, —
ווייל שטיל וועל איך קומען פון אַלטע
פאַרגעסענע וועגן."

..."ס'וועט גאָר נישט געשען און פּאַסירן אין גאַנג פון די צייטן, ווען אַלע דערזען וועלן פּלוצלונג מיין אויסזען זיך בייטן".

דער מענטש בייט זיין אויסזען אין גאַנג פון די צייטן כהרף־עיינ־דיק, — אָבער דער גאַנג פון דעם מענטשן אין בייט פון די צייטן — איז אייביק.

בעת זישאַ לאַנדוי בענקט נאָך אַ פּ אַ ר ל ו י ר ע נ ע ם עפּעס" פון אַ פאַרגאַנגענעם נישט־„צוריקקער", — בענקט לייוויק נאָך אַ נישט ג ע־ פ ו נ ע נ ע ם „עפּעס" פון אַ נאָך־נישט געקומענעם „אַנקום".

לאַנדוי זינגט פאַרוווירט:

„פאַרשלאָסן אויפן גרויסן שלאָס
געבליבן איז די קליינע טיר". — —

און לייוויק זינגט ציל־באַוווּסט:

„אַרויסגיין — אַן אָפענע לאָזן די טיר,
און נאָכקומען קיינער אַהינטער וועט מיר."

ער ווייסט, לייוויק, אַז ס'איז נישט די ל ע צ ט ע טיר און נישט אויפן לעצטן שלאָס פאַרשלאָסן.

„פון איין שטוב אַרויס, אין דער צווייטער אַריין.
און אומעטום וועל איך אַ גוטער גאַסט זיין." — —

די וועלט איז גרויס און זי פאַרמאָגט נישט איין אויסגאַנג. איז דער־ריבער נישטאָ אויף וואָס אַזוי ביטער צו קלאָגן און אַריינפאַלן אין יאוש טאָמער האָט זיך אַ טיר פאַרשלאָסן.

ביי לאַנדוי איז דער „עפּעס" (אַ וואָרט — דענסטמאָל אין דער

מאָרגן" בײַ די „יונגע") אַ שטיק בענקעניש נאָך אַ נעכטיקן בין השמשות, וואָס וועט שוין צוריק נישט קומען, און בײַ לײוויקן איז דער זעלביקער „עפּעס" אַ מין טאַמלענדיקע אָנונג פֿון אַן ערגעץ קומענדיקן מאָרגן.

געזעגענונג און דערוואַרטונג.

צוויי קעגנגעזעצטע מאָטיוון.

אײן דיכטער שטייט נאָך מיט אַ פֿוס אויף דעם ראַנד פֿון דער אַפּגייענדיקער עפּאָכע (ווי דער פֿאַל מיט פּרוסטן און דאָסטאָיעווסקין אין דער וועלט ליטעראַטור) און דער צווייטער — בײַ דער אָנקומענדיקער צײַט.

זישאַ לאַנדוי שרעקט זיך אַזוי (צוזאַמען מיט די מערסטע סימבאָ־ליסטן פֿון יענער צײַט) פֿאַר דעם, וואָס „ערגעץ־ווו נעמט וועך נעצן פֿינצטערע צו שטריקן" און אַט־אַט וועט באַלד שוין אײַנגאַנצן טונקל ווערן" און עס וועט נישט זײַן וווהין, רחמנא לצלן, צו אַנטלויפֿן, און לײוויק, וואָס געפֿינט זיך נאָך אויך אין דער פֿינצטערניש, געפֿינט אָבער אין איר — אַ שפּאַרונע ליכט, אַדורכלויכט:

„אַלײן בין איך ווײַט אין דער פֿינצטער,
פֿאַר מיר איז דאָס פֿינצטערניש — ליכט;
זײַט טרויעריק, מענטשן — פֿאַרלירט נישט
מײַן אָנבליק פֿון אײַער געזיכט". — —

לײוויק איז באַזעלט פֿון אַ גרויסער אידײ, וואָס נאָר זי קאָן סטי־מולירן צו גרעסערע און ברייטערע ווערק.

קונסט איז הומאַניזירטע מאָראַל, האָט וועמער פֿון די אײראָפּעישע קריטיקער געזאָגט. און עכטע קונסט נעמט אַרײַן די אידײ נישט נאָר אין איר עסטעטישן פֿאַרשטעלן, וואָס אָן דעם קאָן קיין קונסט נישט געמאָלט זײַן, נאָר אויך אין איר עטישער טיף; אין דער פּסיכאָלאָגישער אַרײַנדרינגונג אירער, און אין דער סאָציאַלער אויסווירקונג, וואָס פֿירט צו דער אַנטפּלעקונג פֿון נײַע האָריזאָנטן.

לײוויק האָט זיך, ווײַזט אויס, געהאַלטן דאָ בײַ טאָלסטאָיס צוגאַנג צו קונסט, אויסגעדריקט אין זײַן באַרימטן ענטפֿער צו ראָמען ראָלאַן:

„די ליבע צו דער מענטשהײט דאַרף העכער שטיין ווי די ליבע צו דער קונסט", און אָנמעסטנדיק דעם דאָזיקן באַגריף צו דער יידישער ליטעראַטור, זאָגט לײוויק אין אַן אינטערוויו צו אַרגענטינער יידישע שרײַבער (בעת דעם פּען־קלוב צוזאַמענפֿאָר אין 1936, אויף וועלכן ער איז געווען דער יידישער פֿאַרשטייער):

„אויף דער יידישער ליטעראַטור, אויף דעם יידישן שרײַבטשטעלער האָט די געשיכטע אַרויפֿגעלייגט אַ ספּעציעלע מיסיע. ס'איז געווען דער־

פּאַר, ווייל אונדזער לעבן איז נישט נאָרמאַל. די ליטעראַטור פּאַרנעמט ביי אונדז מער פּלאַץ ווי ביי אַנדערע פעלקער. זי מוז דערגאַנצן אַ סך זאַכן וואָס פעלן".

און דאָס איז פּונקט דער היפּוך וואָס נישט־יידישע פּאָעטן זאָגן וועגן זייער ליטעראַטור.

מאַלאַרמע דערציילט ווי צו אים האָט אַמאָל אין אַ שיחת חולין געזאָגט דער מאָלער דעגאַ, אַז ער שפּירט זייער אָפט בחוש צו וועלן אָנשרייבן אַ ליד, נאָר וואָס אים פעלט איז — אידיי.

אויף דעם האָט מאַלאַרמע געענטפערט, אַז „לידער ווערן נישט געשאַפן מיט אידייען, נאָר מיט — ווערטער".

און אונדזערע, יידישע, פּאָעטן דערפילן אין זיך תיקף נישט נאָר דעם הייליקן ציטער פאַר וואָרט, מיט וועלכע פּאָעטן ווערן געבוירן, נאָר זיי דער־שפּירן אין זיך די אחריות פאַר וועלט און מענטש, פאַר געשיכטע־המשך, און זיי נעמען אויף זיך באַלד מיסיעס. און פּונקט ווי בר־מצווההניקעס, אויף וועמען מע לייגט שוין אַרויף צו 13 יאָר אַזוי פיל התחיבותן, נעמען אויף זיך אונדזערע פּאָעטן, פון די ערשטע דיכטערישע שריט זייערע, דעם שווערן עול צו זיין בציבורדיקע קרעכצער און קלאָגער פון יידישע צרות.

אין דעם ערשטן ליד זיינעם, מיט וועלכן ער עפנט דעם ערשטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע ווערק, קלאָגט זיך שוין לייוויק, אַז

„ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט
ליגט דאָס לאַנד דאָס פאַרבאָטענע".

און דער דאָזיקער פייזאַזש ליגט אים כל ימיו פאַר די אויגן.
שניי און נאַכט.

און דורך ווינט און זאַווייען זוכט ווער דעם וועג צו אָט דעם לאַנד דעם פאַרבאָטענעם — און געפינט נישט.

אַ לאַנד פון כל טוב אוודאי. דאָס צוגעזאָגטע לאַנד איז עס, נאָר מע קאָן אַהין דעם וועג נישט געפינען.

און אויף אָט דער שטרעקע פון אייביקער צעריסנקייט ליגט די טראַגיק פון לייוויקס שאַפן.

דאָס איז דער וועג באַרג אַרויף פון לייוויקס זעלבסט הײלן און זעלבסט הייליקן זיך, און אומאויפהערנדיקן גרייטן זיך צו נסיון. אומאויפהערלעכע זוכונג פון גאַנצקייט — און בלייבן דואַליסטיש צעבראָכן.

„די כוונה מיינע איז צו שאַפן סיי אין זיך, סיי אין לייענער אַ פאַר־שטעלונג פון עפּעס אַ גאַנצקייט אַזאַ, און אַז אַנונג פון אַ דערנענטערן זיך צו יענעם צושטאַנד, צו וועלכן יעדער מענטש ציט זיך זיין גאַנץ לעבן: צו אָפנקייט פון אינערלעכן אמת און צו זיין רייפער קלאָרקייט. איך זאָג:

דערנענטערן זיך — ווייל אַנקומען — ווער ווייסט ווען דאָס געשעט און ווען איז מען זוכה דערצו״.

אַזוי שרייבט לייוויק וועגן זיך אין דעם אַריינפיר־וואָרט צו זיין זאַמלונג „לידער״, אין 1932.

און מיט צען יאָר שפּעטער — אין זיין סאָנעטן־„רינג פון אַ סך הכל״ („צוקונפט״, יולי, 1942), גיט ער איבער דעם זעלבן געדאַנק:

„... די זינד און סתירות פון מיין אייגן לעבן
האָב איך נישט אויפגעדעקט צו שפּילן זיך מיט זיי,
און אויך ניט גלאַט צו הספדן אויף זיך: הוי וויי —
נאָר כדי אין גאַנג פון אַלע וועלטן זיך פאַרוועבן...״

דער גאַנג אין לעבן מיט זיין גאַנג אין דער ליטעראַטור איז [illegible] פון איין שטיק אויסגעגאָסן ביי לייוויקן.

מע דאַרף פריער פון אַלץ ביי דיכטער זוכן: ביאָגראַפיע.

די ביאָגראַפיע און דאָס שטענדיקע קוקן אויף צוריק.

„יעדע קינסטלערישע שאַפונג איז אַ סינטעז פון דעם, וואָס דער קינסטלער האָט אַמאָל געזען־געהערט און פון דעם, ווי ער האָט דאָס געזעענע און געהערטע אויסגעמאָלן שפּעטער אין זיין פאַנטאַזיע״, באַמערקט ערגעץ ריכטיק, ש. ניגער.

די דערמאָנונג איז דער לויטערסטער קוואַל פון יעדן דיכטערס אינספּיראַציע. און וואָס מער דער פּאָעט האָט זיך אָ ן  װ אָ ס צו דערמאָנען, אַלץ מער מעגלעכקייטן האָט ער זיך צו פּוריפיצירן אין די כישופדיקע וואַסערן פון אַמאָל.

דער פּאָעט איז אוודאי נישט קיין מעמואַרן־שרייבער און פאַרצייכנט נישט כראָנאָלאָגיש זיינע דערמאָנונגען און קאַטאַלאָגירט זיי נישט לויטן סדר פון די איבערלעבונגען; די גרעסטע ראָליע שפּילט דאָ דער כוח הדמיון, נאָר די קאָנווע איז — די דערמאָנונג.

לייוויקס מעטאָד איז געבויט אויף דעראינערונג.

אין אַלע זיינע לידער און אין די גרעסערע דראַמאַטישע פּאָעמעס זיינע דאָמינירט דער דעראינערונגס־עלעמענט צונויפגעשמאָלצן מיט דעם פאַנטאַסטיש־קינסטלערישן.

דערמאָנונג וואָס ברענגט מיט זיך בענקשאַפט.

און ביי לייוויקן איז די בענקשאַפט עפּעס אַזוינס, וואָס איז נישט צום דערגרייכן. אַ מיסטישע אַנונג, וואָס וועט קיינמאָל נישט אָננעמען קיין בלוט און פלייש.

אין די ערשטע לידער לייוויקס איז  ד י  ד אָ ז י ק ע  בענקשאַפט אויסגעדריקט אין אַ צעפלאָסענער נאָסטאַלגיע, וואָס ער קאָן נאָך אַליין

נישט אָנרופן ביים נאָמען און דער וואָס ב ע נ ק ט איז נאָך אויך אַן אומבאַשטימטער, פּנימלאָזער עמיצער, וואָס ליגט אַ פאַרשאָטענער אין שניי. און ער פילט שוין פון פריער זיין פאַראורטיילטקייט נישט צו דערגיין קיינ־מאָל צום געגאַרטן אָביעקט.

אַ פאַטאַליסטישע בענקשאַפט.

„עס טראָגט זיך דער עכאָ נאָך מיר נאָכן וואָגן,

אַזוי ווי די בענקשאַפט נאָך מיר וואָלט זיך יאָגן" —

נאָכן הילצערנעם וואָגן, וואָס האָט דעם פּאָעט אַוועקגעפירט אין אַ קאַלטן, פראַסטיקן, רוסישן פאַרנאַכט אויף די פאַרפרוירענע וועגן פון לעבן, וואָס ער האָט שפּעטער געדאַרפט מיט זיין אייגענעם אָטעם דערוואַרעמען, ער זאָל, חלילה, נישט אומקומען.

און וואָס מער ער קומט אַריין אין די טיפענישן פון לעבן, לייוויק, אַלץ טיפער ווערט די בענקשאַפט און נעמט אָן אַלץ מער פאָרם. זי ווערט פּנימ־דיקער, — ביז זי ווערט פאַרוואַנדלט — אין זעאונג, אין טראַגיש־חזיונ־דיקן זען די וועלט.

די דאָזיקע בענקשאַפט, געמישט מיט געלייטערטן צער, פירט דעם דיכ־טער אויף די וועגן סיבירער, דורך תפיסה, דורך סאַנאַטאָריע — און דער עיקר פירט אים די דאָזיקע בענקשאַפט — צו זיך.

ג.

# מיט פולע לאָגלען

אין דער נייער יידישער פּאָעזיע. האָבן זיך די ווייזערס פונעם צייט־זייגער עטוואָס איינגעהאַלטן.

די ליטעראַרישע פאָרמען, וואָס זענען שוין געווען פאַרעלטערט אין אַנדערע ליטעראַטורן, זענען ביי אונדז אויפגענומען געוואָרן ווי אַ נ י י ס מיט יאָרן שפּעטער.

און דאָס איז דער פאַל מיט אַלע יונגע ליטעראַטורן, וואָס לענען זיך אָן, לפּחות פאָרמעל, אין מער פאַרצווייגטע און עלטערע ליטעראַטורן.

און וואָס שייך שולן, ווען מען זאָל מיך פרעגן, וואָלט איך דעם ענין דעפינירט פּשוט: מענטשן האָבן אַ טבע צו לעבן געמיינשאַפטלעך, עס איז גרינגער צוזאַמען צו גיין צו אַ ציל. און ס'איז אין דער ליטעראַטור אויך אַזוי. עס גרופּירן זיך דיכטער, און די שאַפונגען פון אַ גרופּע, רופט מען אָן: שולע.

אין דער אמתן אָבער איז עס אַ פּ אָ ס ט ע ר י אָ ר ע גרופּירונג. פריער זענען געווען די פּאָעטן־יחידים, נאָכדעם זענען געקומען די מאַני־פעסטן און טעאָריעס.

אין דער יידישער פּאָעזיע איז אויך געווען דאָס זעלבע. מיט די אַמע־ריקאַנער „יונגע", די „אינזיכיסטן", די פּוילישע „כאַליאַסטרעניקעס" און די סאָוויעטיש־יידישע דיכטער־גרופּעס: „ווידערוווקס" און „שטראָם", וואָס האָבן בלי שום ספק איבערגעלאָזט שפּורן אין דער יידישער פּאָעזיע. 2)

לייוויק איז פאָרמעל צוגעשטאַנען צו די „יונגע", פּשוט דערפאַר, ווייל אַנקומענדיק אין אַמעריקע אין 1908, האָט ער געפונען אַן אַקטיוו־שרייבע־רישע גרופּע, וואָס האָט זיך געקאָכט אַרום אַן אַזוי געגרופּענער ריכטונג, וועלכע איז אים געווען צום האַרצן — אין דעם ווילן פון די דאָזיקע פּאָ־עטן צו סימפּליצירן די פּאָעטישן וואָרט־מיטלען.

---

2) איך רעד אַרום די אַלע סטיל־פּראָבלעמען ברייטער אין מיין גרע־סערער אַרבעט: ס'יידישע ליד צווישן צוויי מלחמות.

(און דער עיקר דערפֿאַר, וואָס לייוויק האָט דאָרטן געפֿונען אַ טריבונע ווו צו פֿאַרעפֿנטלעכן זיינע ווערק)

וואָס אמת איז, האָט לייוויק פּונקט אַזוי זיך געקאָנט אָנגעהערן צו ליע־סינען, צו יהואשן ווי צו זישאַ לאַנדוין.

אין דער טראַדיציע פֿון דעם ייִדישן ליד, האָט זיך לייוויק אוודאי אָנ־געשפּאַרט אָן ליעסינען מער, ווי אין לאַנדוין צי אין מאַני לייבן.

לייוויק איז אַ ט ר אַ ד י צ י אָ נ אַ ל י ס ט, אויב מע זאָל וועלן דווקא אָנקלעפּן אַ יאַרליקל, און פֿאָרמעל איז ער גאָר נאָענט פֿאַרבונדן מיט ד' רוסישע סימבאָליסטן פֿון אַ ברױסאָוו־סאָלאָוױאָוו־שניט.

אָבער, ווי מיר האָבן עס פֿריער שוין געוואָלט אָנווייזן, — ווערט יעדן דיכטערס קאָנצעפּציע אויסגעדריקט נישט נאָר אין די פֿאָרמען, וואָס ער מאָדולירט אויס און נישט אין די אַנדערע אַקסעסואַרן, וואָס באַשאַפֿן דאָס ליד, — נאָר אין דעם קינסטלערס באַוווּסטזיניקן צוגאַנג צו לעבנס־דערשיינונגען, וואָס נ ע ר ן זיין קונסט.

אין דעם באַשטימטן גאַנג זיינעם, קומט יעדער דיכטער, פֿריער צי שפּעטער, צו זיין ציל און צו זיין ס ט י ל.

און וואָס שייך לייוויקן, קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט פֿון זיינע גאָר ערשטע דיכטערישע שריט, באַלד געגעבן די פֿולע נאָמען פֿון זיינע איבערלע־בונגען, אין וועלכע ער האָט נאָכדעם ווי אין אַ קרוג, צוגעגאָסן מער און מער נשמהדיקן אינהאַלט, פּאָעטישע סובסטאַנץ.

אין די סאַמע ערשטע לידער לייוויקס, הערט מען שוין די פֿולע און ברייטע נאָטע פֿון זיין שפּעטערדיקן געזאַנג. ער האָט ווייניק צוגעגעבן אין דער הינזיכט אין די ווייטערע, רייפֿערע יאָרן פֿון זיין שאַפֿן. זיין שטים האָט זיך, פֿאַרשטענדלעך, מער פֿאַר אַט דער צייט מאָדולירט, עס איז גע־וואָרן מאַסקולינישער דער טעמבער פֿון זיין פּאָעטישער דיקציע, ווייניק אָבער געענדערט דער עצם טאָן, — אַט דער טאָן וואָס שאַפֿט די מוזיק.

ער איז פֿון די גאָר געציילטע פּאָעטן ביי אונדז צווישן דעם יונגערן דור, וואָס זענען באַלד געקומען רייפֿע.

איז עס אַ 'מעלה, אַ חסרון?

דאָס איז נישט קיין זאַך צום דעפֿינירן.

פּונקט ווי אין דער פֿיזיאָלאָגיע ווערט נישט אָנגעגעבן אין מענטש־לעכן מוח קיין באַזונדער אָרט פֿאַר וואָרט־קאַפּאַציטעטן, — דער גאַנצער מוח, הייסט עס, איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם שפּראַך־ווילן, — אַזוי איז נישטאָ קיין דערקלערונג פֿאַרוואָס דער אָדער יענער דיכטער קומט מיט ד י אָדער אַ נ ד ע ר ע שפּראַך און אויסדרוק־פֿאָרמען.

דאָס זענען די איינגעבוירענע וואָרט־מעגלעכקייטן ביים קינסטלער.

וועגן נאדירן באמערקט־ווו א. טאבאטשניק, אז זיין וואָרט־שפּראַכלעכ־קייט איז נישט קיין אויסערלעכע, פאָרמעלע שפּראַך־באַגאַבונג, נאָר אַן אינהאַלטלעכע און אינעווייניקסטע. — איז עס חל נישט נאָר אויף נאדירן דעם שפּראַך־ווירטואָז, נאָר אויף יעדן דיכטער.

אוודאי מיינען מיר דאָ נישט די אויסערלעכע שפּראַך־קאָמבינאַציעס ביי דיכטער, וואָס זענען אומפעיק זיי צו אַרטיקולירן מיט דעם טיפערן מיין פון געדאַנק. נאָר מיר מיינען דאָ די פּאָעטישע שפּראַך — וואָס איז די נאַטירלעכע א ו י ס ד ר י ק ל ע כ ק י י ט פון פּאָעטישן געדאַנק און קאָנצעפּט.

ביי אייניקע פּאָעטן דויערט עס לענגער ביז זיי דערגייען צו דעם עק־זאַקטן וואָרט־אויסדרוק — און אייניקע קומען באַלד מיט דעם, וואָס זיי זענען בכוח. — און מער פון דעם, וואָס זיי פאַרמאָגן וועלן זיי קיינמאָל נישט געבן.

אייניקע דיכטער קומען צו זייער שפּראַך־ און פאָרם־קאָמבינאַציעס — דורך אַ באַוווּסטזיניקן פּראָצעס און אייניקע — דורך אַן אינטואיטיוון.

און אַט ווי איינער פון אונדזערע באַוווּסטזיניקע וואָרט־שאַפער דעפי־נירט זיין פּאָעטישע געשטאַלטונג:

„האָב איך גענומען שטויב פון ליים און געזאָגט:
ס'איז גאָלט־שטויב.
האָב איך גענומען דעם גאָלד־שטויב און געזאָגט:
ס'איז אַ שיינענדע געשטאַלט".

אַ מין פּאָעטישע אַלכעמיע.

און דער דיכטער־„אַלכעמיקער" איז הערשער איבער זיין מאַטעריאַל:

„... אַלעס איז נישט מער ווי רעפלעקס.
און אַלע זאַכן זענען בלויז סימבאָלן.
און אומעטום הערש איך —
איך האַמאַ־רעקס"...

(א. לייעלעס)

טאָ וואָס שייך סימבאָל, — איז עכטע פּאָעזיע שטענדיק געוועזן, און איז — ס י מ ב א ל; נאָר וואָס שייך אַבען ה ע ר ש ן א י ב ע ר דעם וואָרט־מאַטעריאַל, צי ווערן דורך אים באַהערשט, מחמת דעם אינהאַלט, וואָס רייסט זיך צום אויסדרוק דורכן וואָרט, זעט איר, דאָ זענען פאַראַן קאַר־דינאַלע אונטערשיידן צווישן דיכטער.

און צו דער קאַטעגאָריע פּאָעטן (פון די „יונגע"), וואָס האָבן אַמ־ווייניקסטן מקפּיד געווען, און זיך ווייניק־וואָס געצאַצקעט מיט זייערע וואָרט־מיטלען, געהערן: משה לייב האַלפּערן און ה. לייוויק.

דער איינדרוק פון האַלפּערנס וואָרט באַקומט זיך דורך דעם אָנגע־לאָדענעם פּאַטאָס, וואָס צעשפּאַרט די שורות פון ליד, — און ביי לייוויקן איז עס: די איבערלעבונג, וואָס שווערט אויף דעם לייענערס געמיט.

הנאה צוליב הנאה פון וואָרט־אויסדרוק איז ביי לייוויקן, ווי ביי האַל־פּערינען — נישטאָ.

פאַרקערט: עס איז קאַנטיק ווי לייוויק וואָלט גאָר געטריבן פון זיך די לאַשטשענדיקע שיינקייטן, וואָס קומען גלעטן זיינע עסטעטישע חושים; און ווי ער וואָלט נאָר געהאַלטן אין איין פאַרערן פון זיינע ווערטער: רעס־פּעקט פאַר דער אידייע, וואָס ער וויל דורך זיי, ווי דורך שליחים, ברענגען צום לייענער.

פון דאַנען נעמט זיך ביי לייוויקן אַפּט אפילו אַ געוויסע פאַרנאַכ־לעסיקונג פון וואָרט און פאָעטישן מאַניר, אויפן חשבון פון אינהאַלט.

אויך די אימאַזשן לייוויקס, ווי האַלפּערינס, זענען נישט קיין צוגע־טראַכטע, נאָר געזען אין סאַמע פּראָצעס פון שאַפונג, וויזיעס, וואָס דער־גאַנצן די נשמה־פּייזאַזשן.

און דאָ בעט זיך אַ פאַרגלייך:

ביי האַלפּערינען:

„אין פרעמדן הויז — אין האַלבער נאַכט —
האָט אָנגעצונדן זיך דאָס הויז,
האָב איך געזוכט אַ וועג אַרויס,
איז יעדע טיר געווען פאַרמאַכט.

האָב איך ווי אַ צעהאַקטע שלאַנג
געוואָרפן זיך אַהין־צוריק,
און אויפגעשפּרונגען בלוטנדיק,
און אומגעפאַלן גסיסה־קראַנק.

און ווי דורך אַ כישוף מיטאַמאָל
פאַרשוווּנדן הויז מיט דאַך און פּלויט,
און ס'האָט דאָס פייער גלוטיק־רויט,
אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן טאָל...“

(מ. ל. האַלפּערן, „אַ נאַכט“)

ביי לייוויקן:

„האַלבע נאַכט. האַלבע נאַכט.

לבנהדיקעם שווייגן.

דער אַנטלאָפענער ברודער האַלט די אויגן פאַרמאַכט,

און זעט דאָך פון אומרו דאָס שטייגן.

און הערט דאָס געבעט פון פאַרלאָזענע וועגן,

און הערט אויך דעם שפּרונג פון באַהאַלטענע לויערער־פיס, —

דער אַנטלאָפענער ברודער זעט, אָבער, זיין חלום אַנטקעגן,

דעם אַנטלאָפענעם ברודער איז, אָבער, דאָס חלומען זיס...”

(ה. לייוויק, „די שטאָל”)

נישט געקוקט אויף די דיאַמעטראַל־קעגנגעזעצטע טעמפּעראַמענטן ביי די־אַ צוויי פּאָעטן, איז די בילדלעכקייט אפילו אין אָט די לידער („אַ נאַכט” און „די שטאָל”) אַרויסגעבראַכט אויפן זעלביקן אופן: דורך דער אינטו־איציע, געזען אויף דער פּאַן פון דער נאַכט, איבערגעבנדיק ענלעכע אי־בערלעבונגען: קאָשמאַרן פון אונדזער צייט.

(עס איז אויך פאַראַן אַן ענלעכקייט צווישן האַלפּערינען און לייוויקן אין דער מאַניר פון אַרויסברענגען די פּאָעטישע בילדלעכקייט, — נישט דורכן וואָרט, נאָר דורך אַ גאַנצער שורה, און אַמאָל אפילו דורך אַ גאַנצן ליד).

אויך די גראַמען זענען ביי די־אַביידע פּאָעטן סוגעסטיווע, אַנגערעגטע און אַרויסגערופן דורך דער איבערלעבונג גופא, דורך דער שייכות פון די בילדער, — צווילינג־גראַמען:

ביי האַלפּערינען:

נאַכט־פאַרמאַכט, הויז־אַרויס, שלאַנג־קראַנק, פּלוים־רוים, מיטאַמאָל־טאָל.

ביי לייוויקן:

נאַכט־פאַרמאַכט — שווייגן־שטייגן — וועגן־אַנטקעגן — פיס־זיס.

קיין איין גראַם נישט צוגעטראַכט נאָר אַסאָציאַטיוו־פּשוט, ווי פון פאָלקס־ליד אַרויסגענומען.

און אין די גאָר לעצטע לידער שלאָגט לייוויק שוין אַן אינגאַנצן אַ פאָלק־טאָן:

„בערל שפּילט אויפן פידל,

שמערל אויפן באַס,

און יידל גראַבט מיט אַ רידל

קברים אויפן מיטן גאַס”.

איבערגעפּראַזירט דאָס פאָלקס־ליד, אין אַ „היטלער־נאַכט־מאָטיוו" פון 1940.

אָדער:

„די גאָלדענע זאַנגען נישט געשניטן,
די צייטיקע עפּל נישט פאַרזוכט, —
אַ פלינקער רייטער איז דורכגעריטן
און אונדזער זומער וועלט־פאַרפלוכט".

אַ געמיש פון פאָלקס־טאָן, מיט דער אַלט־באַקאַנטער לייוויקישער סימבאָליסטישער אַנקליידונג.

צי פאָלקס־טאָן מיט פּערזענלעכער ליריק צונויפגעגאָסן:

„דער טאָג האָט אונדז פאַרלאָרן,
די נאַכט האָט אונדז געפונען,
פון ווייסע, גרויע יאָרן
אַ חצות־ליד אויסגעשפּונען".

(„דער טאָג", 10־טן אָקטאָבער, 1942)

אפילו אין זיינע אומגעריכטע גראַמען און בילדער, אַנטלויפט ער פון צוגעטראַכטער מאַנירלעכקייט:

„הבל ליגט אויפן פעלד דערמאָרדעט.
און קין זיצט איבער אַ טאָפּ און עסט.
ער שפּאַרט אין טאָפּ איין טיף זיין מאָרדע,
ווי אַ בער דעם שנוק אין אַ בינען־נעסט".

און כאָטש דער לעצטער פאַרגלייך איז אי אַן אומגעריכטער, אי אַ געוואַגטער, איז ער אויך אַן אַסאָציאַטיוו־אינטואיטיווער, נישט קיין צו־געשפּיצטער.

און דערפאַר איז ער אַזוי אויפגעבראַכט לייוויק, און ער ווענדט זיך צו אַ פּאָעט אַ פאָרמאַליסט, אין איינעם פון זיינע פריערדיקע לידער, בזה הלשון:

„דיינע זינגענדיקע ווערטער זענען טויט, —
זיי האָבן אין מיין האַרץ מיין אומעט נישט דערפרייט.
זיי האָבן נישט פאַרגרינגערט מיינע שטרויכלענדיקע טריט.
אויף מיינע ליפּן האָבן זיי קיין שמייכל נישט דערהיט.
און פון דעם ברייטן פלאַץ אין בוך־שראַנק, וואָס דיין ווערק פאַרנעמט
די אויגן מיינע האָב איך אָפּגעקערט און זיך פאַרשעמט..."

ער קערט זיך אָפּ פון די דיכטער, וואָס זינגען לשם זינגען, וואָס קעב־לען און פּעכלען דאָס וואָרט לשם וואָרט.

צוזאַמען מיט זיין קריסטוסן פּערזאָניפיצירט, אין דער פּאָעמע „ער", — זאָגט ער, לייוויק:

„אַז ווערטער זענען מער קיין ווערטער נישט;
פון אָנפאַנג, גאָר פון אָנפאַנג איז געווען דאָס וואָרט,
אָבער איצט איז דאָס וואָרט קיין וואָרט נישט —
אַ שערבל נאָר,
וואָס מע לייגט אַרויף אויף די אויגן פון אַ בר מנן..."

וואָרט איז אַ שערבל — נישט מער, — אויב נישט קיין כלי, אָנגעגאָסן מיטן טיפן מענטשלעכן אינהאַלט.

אויך געטעס פאַוסט האָט מורד געווען קעגן דער עוואַנגעלישער דאָגמע, „אַז אין אָנהייב איז דאָס וואָרט געווען", און ער האָט קעגנגעשטעלט דער רעליגיעזער מעטאַפיזיק דעם פּאָזיטיוון אינטעלעקט פון דעם ראַציאָנאַליזם: איינשפּאַנענדיק דאָס וואָרט אין טאָט.

אונדזער צייט האָט עס גורם געווען, אַז לייוויק זאָל וועלן ווערן דער אָפּשפּיגלער פון אירע טאַטזאַכן, פון אירע אידייען און נייע אידעאַלן.

און אַז ער זאָל זוכן אין דער פּאָעזיע, אין דער נאַטור אפילו, תכלית, תוך:

„איך וואָלט גענומען די נאַטור
און זי צעשפּאָלטן,
כדי זען פון אינעווייניק
איר יאַדערדיקן תוך..."

און אויך די נאַטור, ווי דאָס לעבן, איז ביי לייוויקן אין שטענדיקן געראַנגל מיט אירע עלעמענטן, עס איז נישטאָ קיין רו אויך אין אירע קעניגרייכן:

„וואָלקנס שטיקן וועלדער אין געווערג", און „ווי דער וואַלד איז טונקל ווילן אויך די שטערן, וויל אויך די לבנה טונקל אַזוי ווערן".

אייביקער אומרו, פאַרוואַנדלונג און ענדער אויך אין דער נאַטור:

„נאָר היינט, זאָל מיר זיך דאַכטן,
איז שלום אין נאַטור
און אויך אין מיר,
אָנשטאָט טעראָר־טויט און שלאַכטן,
געבורט פון מוטער־טראַכטן.
און אַלע ניי־געבורטן בענקען
נאָך באַריר..."

ערב־יוירונגען און ערב־געבורטן אויך אין דער נאַטור, ווי אין דעם לעבן פונעם מענטשן.

זיך־אַליין־צעשטערונג און אויפלייזונג.

„לבנהדיקע אויגן
ברענען און פאַרצערן,
תאווהדיק און דורשטיק,
ז י ך און אַלע שטערן...״

און עס

„וואַרפן פאַרנאַכטיקע שפּיגלען
שאָטנס געשטרייפטע מיט שיין
פאַנגען דעם פאַלד און פאַרריגלען,
רינגלען אין רינגען אריין.״

די ט ו נ ק ל ט ק י י ט ש ט ר א ל ט פון זיך ליכט, — דער מאָטיוו ליוויקס אויך אין די נאַטורלידער.

און דעם דיכטערס איינציקער פאַרלאַנג איז זיך צו באַהעפטן מיט דער סטיכיע:

„ניטאָ קיין פרייד קיין גרעסערע,
ווי צו זיין אַ פעדער קליין
אין די פליגלען פון אוראַגאַנען...״

דאָס וואָרט „פליגלען״ איז ביי אים אַ ליבלינג־וואָרט, דורך וועלכן ער וויל אויסדריקן זיין דראַנג אַוועקצוטראָגן זיך אין אַנדערע וועלטן, ווו עס זאָל זיך פרייער אָטעמען...

„פליגלען פון באַגינען פאָכען איבער וואַלד און ישוב
העגנ־זיך אַז און טראָג זיך אויך אַוועק מיט זיי...״

און צום ווינט, זאָגט דער דיכטער:

„איך האָב געזאָגט צום ווינט:
אַ, ווי גוט דיר איז,
ווייל דו ביסט ווינט —
ווינט — אייביקע עקזיסטירונג.״

די נאַטור עלעמענטן באַדינען דעם דיכטער, און טראָגן אים צו די נויטיקע דערמאָנונגען, כדי אַרויסצוברענגען די ווידער „אייביקע עקזיס־טירונג״ פון די הימל שרייענדיקע ערדישע דיפערענצן, מאָנענדיקע קאָנ־טראַסטן:

„ווינט דערטראָגט צו מיר געוויין פון שליסל
אין רציחהדיקן שלאָס פון טיר...״

און אין דעם —

„אויפגעשריי פון פרייהייט, הער איך טעמפּן קלונג פון קייט״, — זאָגט דער דיכטער.

און די נאטור איז אויך ביי לייוויקן דער הינטערגרונט פאר די טראגישע סאציאלע בילדער, וואס ער מאלט:

„דער באגינען שפרייט פאנאנדער די חופה
די חופה צינדט זיך אן און זי ברענט
דער המון ער הוליעט און טופעט
שטיקער שייטער ער כאפט מיט די הענט..."

דאס איז דער פרימארגן־פייזאזש, ווען א געליבטע פארל ווערט גע־פירט צום עשאפאט.

און ווען עס בלייבט פונעם געליבט פארל נאר א בערגל אש, דער־מאנט זיך דער דיכטער ווידער אן דער „אייביקער עקזיסטירונג", און ער מישט מעטאפיזישע מיסטיק מיט סאציאלער טראגיק:

„קיינער פרעגט ניט ביי קיינעם קיין קשיות,
צי מע קומט נאכן טויט ווען צוריק;
און מע צעכאפט דאס בערגל מיט אשעם
פאר א סגולה צו ליבע און גליק..."

צי ער זאגט צו זיין געליבטער:
„אויף דער פעטליע פון מיין שווער געוויסן
וועל איך אויפגיין אין באגינען איבער דיר" 3)

באהעפטונג מיט יענעמס לײדן, דורך דער לייטערניש פון די אייגענע:

„צו די ליידן פונעם צווייטן, צו דער פרייד פונעם צווייטן
דיין לעבן נעמט זיך צו ווי צו א בייט א פלאנץ;
ס'איז דא אזא תפיסה מיט אזוינע קייטן,
ווו דער טרויעריקער זינגט און דער פארשמידטער טאנצט..."

דער דיכטער, ווי א מין שפליטער פון א זיך שפאלטנדיקער אויף שטיקער, זיך־אליין פארצערנדיקער וועלט:

---

3) אין א מין יעסענין טאן:
„וו סיני וועטשער פאר אקנאם
נא רוקאווע סוואיאם פאוועשום..."
(אין א בלויען אוונט אונטערן פענצטער,
וועל איך אויף מיין ארבל מיך אויפהענגען)

„איך קען נישט באַהאַלטן,
אַז איך לעב נאָר פאַרשטעלט
אַ געשטאַלט פון געשטאַלטן
פון אַ פאַרפּייניקטער וועלט".

פון אַ געפּייניקט און פאַרפּייניקטער וועלט, וועמענס דיכטער לייוויק איז, — דער דיכטער, וואָס האָט דערהערט די אויסגעשרייען פון זיין מיטמענטשן פון אַ וועלט ביים אונטערגיין: דערשפּירנדיק מיט אַלע חושים די טיפע טראַגיק פון פאַרגיין, — און אויסאַרבעטנדיק אין זיך אַ טראַגישן אָפּטימיזם אַזאַ פון אַ נייער, אַנקומענדיקער וועלט.

ה.

# אומקום מאָטיוון

דער אומקום־מאָטיוו ביי לייוויקן, ווי ביי זיינע מיטצייטלער, איז געווען דער אויסדרוק פון נאָך דער מלחמה און רעוואָלוציע חורבן, און די פאָראַנונג פון דעם נייעם וועלט־חורבן, וואָס האָט זיך שוין געקליבן אין וועג אריין.

עס איז געווען דער קינסטלערישער רעפלעקס פון דאָס געזעענע און איבערגעלעבטע אין דער צווישנצייט פון דעם מיט שטורעם־יוירנדיקן ערב.

אין דער צייט פון מאַרקישעס „קופּע" דערשיינט לייוויקס „די שטאָל".

און אָט די ביידע פּאָעמעס, ווי פאַרשיידן זיי זאָלן נישט זיין אין די דיכטערישע טעמפּעראַמענטן, אין דעם צוגאַנג צום ארום, ציען זיי זיך ערגעץ־ווו צו ביאַליקן.

פּרץ מאַרקישעס „קופּע" איז אַ מין פאַרקערטע שחיטה־שטאָט, 4) וואָס פאָדערט אין איר בלוטיקן אויסגעשריי אַ תקומה פאַר די אַלע אומגע־

---

4) נישט גערעכט איז נ. ב. מינקאָוו, ווען ער מיינט, אַז מאַרקיש איז געווען אין אָט דעם כאַאָטישן פּעריאָד פון זיין שאַפן „טראַדיציעלאָז". סיי אין די לידער זיינע פון די נאָך „כאַליאַסטרע"־בלאַנדזשעניש, סיי פריער אפילו אין די „וואַלין"־לידער זיינע פון דעם ערשטן ביכל לידער „שוועלן" סיי אין די לידער־ציקלען פון די „וואַרשעווער־שריפטן", איז פאַראַן ביי אים אַן אָנגעבונדנקייט צו יידישער טראַדיציע. נישט מער, וואָס זי איז געוואָרן אויסגעדריקט אין אַן אומיסטנע הפקרדיקן טאָן, מיט אַן אולטראַ־מאָדערנעם קוויטש, אין גוסט פון דער צעשריגענער צייט... די אַלע לידער זיינע, מאַרקישעס, האָבן שוין אָנגעזאָגט אויף זיינע שפּעטערדיקע י י ד י ש ע ווערק „דור אויין, דור אוים", „צוויי ברידער" און אויף זיין גרויסער פּאָעמע „אַנשל זאַליאַזניק", וואָס נישט געקוקט אויף דער איבערגעטריבענער שנאה צום יידישן „בעל־גוף" איז עס אַ ווערק, וואָס וואָרצלט אין יידישער טראַדיציע.

קומענע און יונג־פאַרשניטענע, בעת דעם גרויסן וועלט־איבערבוי. און אין דעם אָנגעגאָסענעם מיט גאַל יידישן צאָרן און אויפגעריסענע ווונדן, דער־מאָנט זי אָן ביאַליקן; און לייוויקס „שטאָל״ — אין דעם ווילן פון טויט, וואָס שטאַרקט זיך אין אָט דער פּאָעמע פון שורה צו שורה; אין דעם וואָג־זיניקן פאַרלאַנג פון די „ברידער״, וואָס גאָרן אויסצושטרעקן די העלדזער צו די שאַרפן פון חלפים, אין דעם יידישן קרבן־גרייטקייט־מאָטיוו, — איז אויך פאַראַן אַ קרובהשאַפט צו ביאַליקן, און צו די ליעסין־קדוש־השם מאָ־טיוון.

נישט מער וואָס סיי ביאַליק און סיי ליעסין זענען מער מן הצד־שטיי־ער, מער צוקוקער און שטראָפער ווי אָנטיילנעמער אין דער טראַגעדיע גופא, בעת לייוויק איז זיך אַליין משה אין די ליידן פון זיינע מיטברידער, ער איז זיי אָן אַח־לצרה.

דערפאַר איז אפשר ביי ליעסינען פאַראַן אַ געוויסע קאַלטקייט אין וואָרט און ביי ביאַליקן אָפּטמאָל אַ צו הייסער פּאַטאָס, אין דעם טאָן פון די קלאַסישע יידישע מוכיחים.

ביי ליעסינען:

„אַך, זאָלן זיי קומען, די הענקער, די ווערגער, די קוילער,
וואָס האָבן דיר אַלע היסטאָרישע וועגן
מים בלוטן פאַרטרונקען — איך שטרעק מיט אַ שמחה
דעם האַלדז זיי אַנטקעגן!״

(זאָלן זיי קומען)

ביי ביאַליקן:

„ס'איז הפקר מיין בלוט, ס'וועט דיך קיינער פאַרווערן —
הויב די האַק, זעץ אין קאָפּ, און זאָל שפּריצן דאָס בלוט,
בלוט פון יונג און פון אַלט אויף דיין העמד —
און זאָל קיינמאָל נישט אָפּגעווישט ווערן.״

(י. י. שוואַרץ'ס איבערזעצונג)

ביי לייוויקן:

„און די עלטערע ברידער זענען אויפגעשטאַנען
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.
און זיי האָבן אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער
און אויך די העלדזער פון זייערע ווייבער און קינדער
און זיי האָבן געזונגען דאָס ליד פון חלפים...״

(די שטאָל)

און סאַראַ ענלעכקייט אין טאָן צו ביאַליקס:
„תליון, הא לך צוארי".

דאָס איז די זעלבע „שחיטה־שטאָט" און דער זעלבער ווילן צו שטאַרבן, דער זעלבער סטאָיציזם „צום טויט גיין ווי צום טאַנץ" און אויסשטרע־ די העלדזער פאַרן מעסער פונעם שעכטער אין נאָמען פון דער המשך־אידייע פון דעם יידישן פאָלק.

נישט מער, וואָס ביי לייוויקן איז די אידייע פון יידישער קאָנטי־נואיטעט אין אַן אַנדער, באַנייטער פאָרם, אין דער פאָרם פון וועלט־גאולה.

נישט נאָר יידישע גאולה אַליין.

אָבער סיי ביאַליק און סיי לייוויק זענען פּאָעטן פון דער יידישער טראַדיציע, אָט יענע טראַדיציע וועגן וועלכער פּרץ האָט גערעדט און געמוסרט די יונגע טאַלאַנטן פון זיין דור, אַז זיי זאָלן זיך אָן איר באַהעפטן. 5)

ח. נ. ביאַליקס „לא זכיתי באור מן ההפקר" קאָן דאָ אויך אַנגעווענדט ווערן צו לייוויקן. ווי זיין פאָרגייער, האָט אויך לייוויק זיין ליד געשניצט פון די פעלדזן און שטיינער פון פאָלקס־ליד און פון זיין אייגן האַרץ.

„כי מאבני ומצורי נקרתיו וחצבתיו מלבבי..."
(ח. נ. ביאַליק)

ווען „טויט האָט זיך צעליינגט אויף אונדזער לאַנד" און
„פון אַלע תאוות
האָבן מיר געלאָזט פאַר זיך פון טויט די תאווה: —
דאַרפן מיר נישט ווי פוסטע בעלי גאוות
שפייען יערערן אין פנים אונדזער גאווה"
(„לידער פון אומקום")

אפילו ווען ער האָט זיין פאָלקס־ליד צונויפגעגאָסן מיט די ליידן פון דער וועלט, איז דער טיפערער מקור אָבער געווען אויך ביי לייוויקן — דאָס אָרגאַנישע יידישע שאַפן.

אומקום — דורכגעדרונגען מיט בטחון אין אַן ערגעץ ווייטערדיקער פאַרזעצונג.

---

5) „קונסט איז די נשמה פון פאָלק, די נאַציאָנאַלע פּערזענלעכקייט". און „די נשמה פון פאָלק, האָט פּרץ געשריבן (אין זיין עסיי „וואָס פעלט אונדזער ליטעראַטור"?), ווערט באַשטימט דורך טראַדיציע".

„אויב דיין נשמה וויל דערגיין דעם קוואַל פון וועלכן
עס האָבן דיינע ברידער די פּאַרפּייניקטע געשעפּט
אין צייטן ביטערע דעם העלדנמוט, מסירת נפש,
צום טויט גיין ווי צום טאַנץ, צום אויסשטרעקן דאָס האַלדז
אַנטקעגן יעדן מעסער, יעדער האַק פאַרהויבענער,
צום שייטער הויפן גיין, אין פלאַם צו שפּרינגען... —
— — — אין בית המדרש קום אין אַלטן אין פאַרעלטערטן..."

זאָגט ביאַליק.

און אויב ביאַליק געפינט דעם גאַנצן כוח פון דער יידישער מוטיקייט צו שטאַרבן אויף קידוש השם נאָר אין דעם פאַרעלטערטן בית מדרש, טרינקען לייוויקס „ברידער" (פון דער פּאָעמע „די שטאָל") אויך ערגעץ פון די אַלטע קוואַלן פון דער רעליגיע, נישט מער וואָס די ראַציאָנאַליסטן האָבן שוין געהאַט די דאָזיקע קוואַלן פאַרשטאָפּט מיט כל ערליי דאָגמעס.

לייוויקס „ברידער" זענען דאָך שוין די זין פון ביאַליקס קידוש־השמ־ניקעס און גאָר נאָענטע קרובים זענען זיי פון הירש לעקערט און נפתלי באָטווין, וועלכע האָבן אויך זייער קרבן - ווילִיקייט אַנטנומען פון דעם אַלטן אמונה־סטאַאיציזם, נישט מער, וואָס זיי האָבן אים אַנגעטאָן אַן אַרבעטער בלוזע.

דער יונגער ברודער האָט אַזוי געזאָגט (אין טאָן פון קידוש השם):

„גנאָד, וואָס איז פרייד,
גנאָד, וואָס איז צער,
גנאָד, וואָס איז טויט,
מיין אָרעמער גוף
אין שמאַטעס געקליידט
צו דיר הייבט זיך אויף
מיט אָרעמס צעשפּרייט"...

און דאָס איז דער „גנאָד, וואָס איז גבורה, שיינקייט און ליכטיקייט".

שוין אין ד ע ם פּעריאָד — ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן, דערוועקן זיך ביי לייוויקן די גאָט־זוכענישן, וואָס האָבן ערשט געקראָגן אויסדרוק אין זיינע שפּעטערע, רייפערע ווערק.

דאָס זענען א י גאָט זוכענישן, א י אַ מין וועלן אַרונטעררייסן די מיסטישע פאַרהאַנגען פון דער גרויסער מיסטעריע: טויט.

דער אומקום און טויט מאָטיוו ביי לייוויקן, וואָס אייניקע קריטיקער האָבן אים אויסגעטייטשט ווי אַ פּעסימיסטישע לעבנס איינשטעלונג פונעם דיכטער, איז פון אַ סך אַ טיפערן מקור.

דאָס איז געוועזן די שוידער־וויזיע פון חורבן און טויט פון אונדזער

צייט, וואס האט זיך צו לייוויקן אנטפלעקט נאך אין די גאר ערשטע יארן פון זיין שאפן.

דער טויט־מאטיוו באגלייט לייוויקן אויף זיין גאנצן שאפערישן וועג: אין איינעם פון זיינע ערשטע לידער פון דעם ציקל 1914, גיט איבער דער פאעט די פאראנונג פון טויט, וואס לעבט ביי אים אין די בלוטן:

„פארלעשט אלע פייערן, פינצטער זאל זיין
און זיצט שטילערהייט;
מע זעט קיין לוויה נאר ערגעץ, איך פיל,
איז עמיצער טויט."

(א. וו. ז' 16)

און אויף סיבירער וועגן יאגט ווידער דער טויט נאך:

„אויפן וועג
אין דער מיט
איז ווער טויט?
קיינער ניט".

און שפעטער, אין 1916, ווידער דער טויט־מאטיוו, און קלארער:

„ניט צום קריג, צום געשלעג,
ניט צום מענטשן געיעג,
ניט אהין פירט מיין וועג,
ניט אהין פירט מיין וועג"

מיט טראמפייט ניט באגלייט,
אז א זייט שטילערהייט,
פירט מיין וועג מיך צום טויט,
צום מיין אייגענעם טויט..."

(א. וו. ז' 88)

און ער נעמט אויף דעם טויט מיט אזא פריסטערישער מאיעסטעטיש־קייט, מיט אזא אויסדערוויילטקייט:

„איך גלויב אין מיין טויט דעם באזונדערן,
איך מייד ניט דעם ראנד פון געפאר —
וואס קומט איר ניט נענטער באוואונדערן
דעם טויט פונעם שטארבנדן נאר?"

(ביים ראנד)

אין צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז עס געווען, ווען לייוויק האט שוין פארגעאנט דעם גרויסן חורבן פון דער וועלט, וואס די מלחמה וועט מיט זיך ברענגען. דער טויט איז געווארן דאס טעגלעכע ברויט פו־

מיליאָנען, און דער דיכטער האָט דעם דאָזיקן פּסיכאָז אויסגעדריקט אין זיינע לידער, וואָס זענען די עכאָס פון צייט.

לייוויק האָט ווי נאָמבערגס אַ העלד צוגעלייגט אַן אויער צו דער ערד און ער האָט פונדערווייטנס דערהערט דעם מיסטעריעזן גאַלאָפּ פון די אַפּאָקאַליפּטישע רייטער, וואָס האָבן געטראָגן די בשורות פון חורבן, הונ־גער, מגפות און טויט.

טויט און ליידן — זענען די ספּעציפישע לייוויק־מאָטיוון.

„צי די שווערד אַרויס אויב דיינע נעגל זענען טעמפּ
און — שנייד!
טויט און בלוט און פייער. ביזן לעצטן אומגליק
לייד."

דאָס זענען געווען די ליידן פון אַ דור אַ גאַנצן, פון אַ דור אַ פאַר־משפּטן:

„ליגט ער — דער קאָפּ דער פאַרמשפּטער,
חלומט אין רואיקן שלאָף,
זעט נישט ווי שנעל עס דערנענטערט זיך
זיין נישט דערוואַרטעטער סוף.

וואָס איז די שולד פון פאַרמשפּטן
גאָרנישט. קיין שולד איז נישטאָ.
יאָרן נאָך יאָרן פאַרגאַנגענע
ברענגען די פינצטערע שעה".

די פינצטערע שעה פון וואַרשעניש נאָך דערלייזונג.

„צעריסן די פעדים, וואָס בינדן צונויף,
צעלאָפן מיר זענען פון אייגענעם הויף,
צוזאַמענזיכקומען מיר קענען נישט־מער." — — —"

„— — — און דער וואָס האָט אויסלייזן אונדז צוגעזאָגט —
ווער ווייסט ווו ער געבטיקט, ווער ווייס — ווו ער טאָגט;
ער ווערט אַליץ פאַרגעסן, דערווייטערט נאָך מער —
ער קומט נישט אַהער..."

די טראַגיק פון אומקום שלאָגט פון אַט דעם ליד. די טראַגיק פון אַ דור, וואָס האָט „צעריסן די פעדים וואָס בינדן צונויף", דער דור וועמען ביאַליק האָט פאַרגליכן צו שערבלעך פון אַ צעבראָכענעם טאָפּ. אַ דור אין וואַרטעניש, אַז ס'זאָל קומען זיין אויסלייזער און צוריק צונויפבינדן די פעדים און ווידער צונויפקלעפּן די שערבלעך און מאַכן פון זיי אַ כלי און אַנגיסן אין איר לעבעדיק לעבן, — אָבער דער גואל: „ער קומט נישט אַהער".

און טאַמער דערשיינט אַמאָל פאַר אים די געשטאַלט פונעם אויס־לייזער, איז אַט ווי ער מאָלט אים, לייוויק:

„... אויף זיין לינקער האַנט
הענגט אַ זאַק,
אויף זיין רעכטער האַנט
אַ צווייזייטיקע,
אַ פאַרבלוטיקטע
שאַרפע האַק".

(אַ. ו. ז' 110)

נישטאָ קיין אויסוועג.

און מאָרגנע ווי די טראַגיק פון לעבן האָט זיך אויף אַ האָר נישט גע־ביטן נאָך אַזוי פיל ענדערונגען און פאַרענדערונגען פון וועלט און מענטש.

אומפאַרענדערלעך איז די עסענץ פון מענטשלעכע ליידן, ווי די גרויסע מתנה פון גאָט צו דעם מענטשן: דער טרערן־קוואַל.

מאָדערנע מענטשן, דוכט זיך, נאָר ווי אַפט זעען מיר זיי וויינען אַזוי אַלטמאָדיש!

און —

„דאָס אַלטמאָדישע פון דער וועלט:
מאָרד, געפאַנגענשאַפט, הינריכטונג,
פאָראַט, אַפּזאַג.
אַפּזאַג פון דעם געליבטסטן."

און „מיטן רוקן אַוועקגעדרייט, מיט גאַל אויף די ליפּן, מיט נאָדלען שוואַרצאַפּלען — שטייט דער נעכטיקער ברודער."

„אַזוי ווי געווען,
אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען
פון אייביק."

(אַ. ו. ז' 263)

פונעם פיין־ און ליידן־פאַרזיי איז אויפגעגאַנגען טויט־גערעטע־ניש און —

„די צייט פון שניט איז געקומען,
געקומען.
רופט אויס דורך די האָרנס:
— שניט! שניט!
בחורים און מיידלעך, טאַנצט!
טופּעט אויס מיט די שאַלנדיקע טריט:
שניט! שניט!

און עס טאַנצט „די מאַמע ערד אַליין אויף דער שוואַרצער חתונה פון אירע זין" און „זי פירט צו דער בלוטיקער נאַכט אירע טעכטער".
און די אומצאָליקע המונים:

„ און אַזוינע אַ — מיט אוינן
האַלב פאַרבליקטע, האַלב פאַרמאַכטע,
קומען אַליין זיך אוועקצוליינן
אויף דער יאַטקעדיקער פּלאַכטע."

און —

„אומצאָליק זענען מיר — המונים,
און פּילפּאַכיק און פּילקעפּיק;
און דאָס בלוט פון טויזנט אויפן לייב פון איינעם
אַזוי דאַמפּיק, אַזוי קלעפּיק".

(א. וו. ז' 226)

אַ טויט־וואַקכאַנאַליע. בלוט־שגעון פון אונדזער צייט.
און לייוויק פאַרכלינעט זיך אַפּטמאָל אַזוי שטאַרק טאַנצענדיק אין דעם טויט־קאַראַהאָד:

„קאַראַהאָדן, קאַראַהאָדן,
חתנים מיט קאָסעס אויף אַקסלען געלאָדן
און כלות מיט מעסערס ווי בויגנס..."

ער טאַנצט אַזוי־מיט מיט זיין דור אויף דער טויט־חתונה, אַז ער נעמט אַזש זינגען. ה י מ נ ע ן צום טויט:

„ווי קאַלירנדיק דו ביסט,
טויט אונדזעריקער;
ווי שמייכלענדיק דו ביסט,
אונדזער שפּעדיקער."

און —

„ווי מיר טראָגן אין הענט
אויפגעהויפנטע
אונדזערע אייגענע קעפּ
פריש נעשחטענע..."

סאַראַ גרויל וויעט פון אָט די שורות!
און די חלפים:

מיט וואָס פּאַראַ פאַרבענקטקייט זיי שפּיגלען זיך עס אין זייערע גלאַ־
טע, בלויע שאַרפן און זיי גאַרן אַזוי נאָך מענטשלעך בלוט:

און עס כאַפּט זיי אַרום אַזאַ פרייד; ווען ס'גייען אַרויס זיי אַנטקעגן —

„... גייען אַרויס זיך מיט אונדז צו באַהעפטן,
נאָר די, —
וועמענס אויגן עס האָבן געזען אונדזער שיין אויפן גלאַטשטיין.
וועמענס בלייבע, פאַרחלומטע העלדזער
גאַרן נאָך אונדזער אַנפּגימהדיקער שאַרף...״

און סאַראַ הנאה אַ סאַדיסטישע זיי האָבן עס די חלפים, פרעגנדיק

„... ווער באַרירט אונדז?
ווער גלעט אונדז?
ווער אָטעמט אויף אונדז מיט באַוווּנדערונג?
גלעט — גלאַט,
גלעט — גלאַט
אויפן גלאַטשטיין...״

און זיי וואַרטן שוין אויף דער רגע, די „פאַרכישופטע, בלויע חלפים,
די פּרינצן, דער יחוס פון אַלע כלי זיין, אַז עס זאָל שוין וואָס גיכער קומען
די שחיטה...

און סאַראַ יובל עס כאַפּט זיי אַרום, ווען —

״... פייערן שריפות דערנענטערן זיך
דערנענטערן זיך, דערווייטערן זיך —
פאַלן צעפלאַקערטע שטיקער פון הימלען
אויף אונדזער אַנפּגימהדיקער שאַרף;
ווערן צעשניטן אויף מילי מיליאָנען פאַרבאַרגענע דינקייטן
אויף אונדזער פאַרחלומטער שאַרף...״

התלהבות־געזאַנג ממש!

דאָס זענען לידער פון דער צייט, ווען „נישט געזעטיקטע תאוות ווילן
זיך אָנזעטיקן, אָרעמס ווילן פאַרמאַכט זיין, ליפּן זוכן פאַרקלעמונג, פינ־
גער זוכן פאַרברעכונג, גרינע פייערן אין די אויגן גרינען נאָך גרינער, ווי
אויגן פון וועלף אויף געפרוירענע פעלדער...״

„און מיר זעצן אוועק זיך
הרחבדיק,
און מיר פּראַוועז אַ טיש
שבת קודשדיק.

און די זון גיסט מיט שײַן
מיט געביימלטער
אויף אונדז און אויף קעפּ
די צעלאַקשנטע...״

(אַ. וו. ז׳ 225)

דען גאָט האָט מיט מילדער האַנט געשיקט אַ צווילינג — אַ שחיטה מיט אַ פּרילינג. „דער גאָרטן האָט געבליט, די זון האָט געלויכטן, — און דער שוחט האָט געשחטן...״

נאָר ביי לייוויקן איז עס שוין נישט קיין „שחיטה־שטאָט״, נאָר אַ שחיטה־וועלט. די וועלט איז פאַרויסגעגאַנגען: זי איז געוואָרן כולו חיב.

און דעם כולו חיב טאַנץ — טאַנצן שוין אַלע:

„... הייסע לייבער
אין געוועטן,
אַלע גאַסן זענען בעטן,
נישט אין פּאָרן, —
קופּעס, קופּעס
אַלע הימלען זענען חופּות...״

(„גאולה קאָמעדיע״)

חופּות — אין צייט פון אַ מגיפה.

איין פּערעמל בינדט צונויף אַלע לייוויקס לײַדן און אומקום־מאָטיוון — פון זײַן הימן־ליד „שניט־צייט״ אין די לידער פון אומקום; „געזאַנג פון חלפים״ פון דער פּאָעמע „די שטאָל״, — ביז דעם כולו־חיב טאַנץ״ אין דער גאולה קאָמעדיע.

און דאָס איז: דאָס פאַרבלוטיקטע פּערעמל פון אונדזער עפּאָכע מיט וועלכן צייט (און צייטיקע) קינסטלער וועבן די גרויסע לייוונטן פון זייערע ווערק.

ה.

## די מיסטעריע פון טויט

די אומקום־לידער לייוויקס פון דער־אַ צייט זענען מייסטנס געווען דער ווײ־אָפּקלאַנג פון די אומקומענדיקע דורך פאַרלוירענעם ווידערשטאַנד. אָבער — דער טויט מאָטיוו, בלייבט ביי לייוויקן סיי־ווי. דער ריין־סוביעק־טיווער מאָמענט פון זיין אינטימיאַ איז ער.

ער זוכט פאַנאַנדעראינגעווייטן די מיסטעריע פון טויט; אַריינקוקן וויל ער אין דעם פאַרבאַטענעם קעניגרייך זיינעם, וואָס איז אויסער אונ־זער שכל. ער וויל אַריבערשמוגלען דעם גרענעץ פון דער דאָאיקייט און דער־בליקן, וואָס טוט זיך דאָרטן פון יענער זייט און ער דערגייט ביז קרענק־לעכע גריבלענישן אין אַט דעם דראַנג זיינעם צו דעשיפרירן די טויט־סודות.

די דאָזיקע טויט־לידער זיינע, לייוויקס, זענען דורכגעדרונגען מיט אַ דורכזיכטיקער שטילקייט, די שטילקייט פון מיסטעריע, וואָס מע איז נישט ביכולת צו באַשאַפן מיט ווערטער.

דאָס איז די שטילקייט, וואָס נעסטעט אין מענטשלעכער נאַטור און איז אַנגעלאָדן מיט יענוועלטיקער רו. און דאָ דערקענט מען דעם פּאָעט אין דעם וואָס ער באַהאַלט פאַר דער וועלט; אין דעם טיפערן סוד פון זיין קינסטלערישן ווילן נישט צו דערציילן אַלץ, נישט צו דערזאָגן.

די מיסטעריע איז עס, וואָס דער דיכטער קאָן נישט דערגיין מיט זיינע דינסטע חושים; די אייביקע מיסטעריע פון לעבן און טויט. דער ווילן צו ש ט אַ ר ב ן, וואָס שטאַרקט זיך אין דעם מענטשן פון דעם טאָג פון זיין געבוירן צוזאַמען מיטן ווילן צו  ל ע ב ן.

אין די־אַ לידער לייוויקס ווערט איבערגעגעבן דער מאָמענט פון דעם דיכטערס טיפערער עמאָציע, איידער נאָך זי האָט זיך אַנגעטאָן אין וואָרט־לבוש. און דערפאַר זענען די ווערטער פון אַט־די לידער פשוטע, נישט צוגעקליבענע; די בילדער אָטעמען מיט וויזיע מער ווי מיט פאַרגלייך, וואָס איז דער ציל פון פּאָעט: — דורך די מעטאַפאָרן אונטערצושטרייכן און קלאָרער מאַכן די געמיינטע קינסטלערישע אידייע.

און ס׳רופט דער טויט נישט אַרויס ביים פּאָעט יענעם הבל־הבלימדיקן פּעסימיזם, וואָס מיר זענען געוווינט צו טרעפן ביי אייניקע דיכטער, ס׳איז אויך נישט דער אומרו, וואָס באַהערשט געוויסע פּאָעטן ביים באַגעגענען זיך מיט דער טויט־מיסטעריע; ביי לייוויקן רופט דער טויט אַרויס ר ו, וואָס איז אַנגעטרונקען מיט נירוואַנאַ־געטראַנק, מיט דער שטילקייט פון דערבליקטער אייביקייט.

די דאָזיקע רו, וואָס איז טיפער פון עסטעטישן גענוס. ער שילדערט נישט דעם טויט אַבסטראַקט־פילאָזאָפיש, קאַלט, נאָר אַ ז ו י ווי ער פּ ר ע ז ע נ ט י ר ט זיך אין גאַנג פונעם נאַטירלעכן אוי ס ג אַ נ ג פון לעבן.

אַט די טויט־קאָנצעפּציע אַנטוויקלט לייוויק אין אַלע זיינע לידער. אָנהייבנדיק פון די סאַמע ערשטע ביז דער באַלאַדע וועגן טויט פון נתן ניומאַן.

אַט ווי ער גיט איבער דעם טויט פון אַ פּשוטן מענטשן, אין איינעם פון זיינע גאָר פּריסטע לידער:

„געוועזן שוין די לוויה, שוין פאַרשאָטן,
אַ ברעטל אין דעם פרישן זאַמד געשטעלט,
צוריקגעבראַכט אין טהרה־שטוב די מיטה,
און — רואיק, שטיל, ווי קיינער וואָלט געפעלט.

נאָך אַלעמען, שוין אומגעקערט אַ היים זיך,
מע וואַשט די הענט, מע עסט דעם אָוונט־ברויט,
מע בלייבט אַזוי זיך זיצן אין די זאָקן,
און — רואיק, שטיל, די מערב־זון פאַרגייט.״

מיט וואָס פאַראַ נאַטירלעכקייט עס גייט איבער דער מענטש פון איין וועלט אין דער צווייטער, ווי די מערב־זון, וואָס פאַרגייט, כדי מאָרגן צו באַווייזן זיך ווידער אין מזרח...

ביי באָדלערן, למשל, איז דער טויט אַ מין אויסלייזונג פון לעבן; דערמאָנט זיך זיין דיאַלאָג מיט זיין נשמה: ער לייגט איר פאָר די אויס־טערלישסטע רייזעס, — און איר איז אַלצאיינס „וווהין, אַבי נאָר צו אַנט־לויפן פון אָט דער וועלט״.

ביי ענגאָר פּאָען רופן די גלאָקן און זאָגן אַז, אַז עמיצער אַ ליידנדיקער איז ענדלעך איינגעשלאָפן מיט אַ נישטערוואַכנדיקן שלאָף, און אַז דער טויט האָט אים באַרואיקט פון זיינע ליידן.

אַנאויסגעגלעכער פּעסימיזם.

און אַ מין פייערלעכער צערעמאָניאַל איז דער איבערגאַנג פון לעבן אין טויט ביי סאָלאָגובן.

איך דערמאָן די דאָזיקע פּאָעטן, נישט דערפאַר ווייל איך האַלט, אַז לייוויק איז נאָענט אין זיינע טויט־מאָטיוון צו די דאָזיקע קינסטלער, מחמת אײנפלוס, — נאָר ווייל ער האָט אַ ספּעציעלע נייגונג צו שילדערן און צו באַזינגען טויט. — און אין דעם איז פאַראַן ביי אים ער־געץ ווו מסתמא אַ געוויסע גייסטיקע אַפיניטעט מיט די־אָ פּאָעטן.

און וואָס שייך קינסטלערישע איינפלוסן, — איז יעדער קינסטלער נעמט, לויט מײַן מיינונג, ביי דעם צווייטן נאָר דאָס וואָס ער געפינט ביי אים זײַן אייגנס.

אויך איניקע רוסישע סימבאָליסטן (די „סמערטניקעס"), וואָס זע־נען זייער נאָענט צו לייוויקס טויט־קאָנצעפּציע, האָבן אין דער הינזיכט נישט אויסגעאיבט אויף אים קיין באַזונדערן איינפלוס, עס איז גייסטיקע פאַרוואַנדשאַפט נישט מער.

אין זײַן ליד אויפן טויט פון אַדאָניסן, דריקט אויס וולאַדימיר פּאָ־לאָוויאָוו אַן ענלעכן לייוויק־צוגאַנג צו דער טויט־מיסטעריע, איך וועל נאָר ברענגען דעם לעצטן סטראָף:

„... נאָך איין אויגנבליק, — און איך וועל זײַן פאַר דיר.
און אין אָט־דער רגע פון אומזיכטיקער זעאונג
אַ נישט דאָאיק ליכט וועט ווידער באַלויכטן דיך,
און חלום שווערן פון לעבן דאָאיקן
וועסטו אָפּטרייסלען, מיך ליבנדיק אין טרויער..."
(פריי איבערזעצט דורך מיר — י. ג.)

און ביי לייוויקן:

„... כאָפּ איך דײַן האַנט און איך צי דיך צו זיך —
בלייבט אויף מײַן האַנט אַ צעבלוטיקטער בים.
הייבט אָן אַרונטערצוזינקען מײַן קאָפּ,
זינקען צו דײַנע געשטרויכלטע פּיס.

ביסטו אין ווייסן איינגאַנצן געקליידט,
אויך איך ווי דו —
בין אין ווייסן איינגאַנצן געקליידט.
איך נעבן דיר,
דו נעבן מיר,
רגעס — אין לעבן,
אייביק — אין טויט."

(„אין קיינעמס לאַנד", ז' 109)

דער מיסטישער אין פלוג איבערגאַנג פון איין וועלט אין דער צווייטער איז נישט עפּעס אַנדערש ווי דער באַוואוסטזיין פון דערבליקטער אייביקייט.

און זעט סאַראַ פּאַטאַליסטיש געפיל עס שאַרט זיך אַרום צווישן די שורות פון אָט דעם נישט געבונדענעם ליד. און וואָס פאַראַ פּשטות און סימפּליצירטע טעכניק לייוויק באַנוצט דאָ! ס'איז אָבער אַ פּשטות דורכ־גענומען מיט אַן אינעווייניקסטן נשמה־פּלאַטער, וואָס בויגט די שורהלעך אין דער עמאָציאָנעלער ריכטונג וווהין דער דיכטער וויל.

און אויב איר ווילט, זענען זיינע טויט־לידער כמעט די איינציקע, וואָס אָטעמען מיט דער העכערער טעמפּעראַטור פון לירישער עמאָציע, מחמת לייוויק איז בכלל אין אַ צושטאַנד פון אַ מין ערב־לירישער אויס־לאַדונג. אָט־אָט, דוכט זיך, וועט דער דיכטער אַן עפן טאָן די אויף בכיון אויף זיבן שלעסער פאַרשלאָסענע טירעלעך פון זיין געמיט, און עס וועט זיך אַ גיס טאָן מיט לירישער כוואַליעדיקייט, — נאָר ער לאָזט נישט דעם שטראָם זיך צעגיסן.

דאָס עיקרדיקע איז נישט דאָס לירישע אונטערשטראָמעלע, וואָס פליסט אונטער דער עמאָציאָנעלער שטימונג אין לייוויקס אַ ליד, נאָר דער דראַמאַטישער שטראָם, וואָס רייסט אויף פון אינעווייניק די שטימונג און רייסט מיט דעם לייענער זיך אַריינצולעבן טיפער אין דעם דיכטערס אי־בערלעבונג.

א י ב ע ר ל ע ב ו נ ג מער ווי שטימונג כאַראַקטעריזירט לייוויקס לידער.

דראַמאַטיש־איבעראַשנדע איבערלעבונג.

„אוונט. נאַכט. די לבנה וואַרפט זיך אין אַנגסטן.
איר ליכט ווי אַ שאַרפער שטאָל רירט אָן מיין באַק.
איך הער אַ קול איבער זיך: מיין ליבער וואָס פאַרלאַנגסטו?
און אַן ענטפער קומט — אַ הילך, אַן אָפּהילך פון אַ האַק."

די שטימונג איז דוכט אַן אָוונטיקע; הייבט זיך אָן מיט אַן עמאָציאָנעלן אַקאָרד, — אָבער גייט איבער באַלד אין אַנגעלאָ־דענעם דראַמאַטיזם: די לבנה וואַרפט זיך אין אַנגסטן און איר ליכט בריט ווי שטאָל, און דער סוף איז — הילך פון האַק, עכאָ פון איבערלעבונג.

ער האַמעוועט זיין ליריזם:

„ווײַנען וויל די פלאַך פון מיינע הענט,
אָבער מיינע קלוגע אויגן
האָבן דאָס געוויין מיט זייער חכמה אָפּגעווענדט,
דאָס געוויין אין זיך אַריינגעצויגן..."

אין זיך אריינגעצויגענער געוויין איז שוין נישט דער ליריזם, וואס „גלוסט זיך מיר ווײנען געשמאקער פון הארצן...״ נאר

„געזונקענער גוף —
אנשטאט זיין פארוואגלט געוויין,
פארנעמט דעם געזומערטן רוף
פון ערד און פון שטיין...״

דער רוף פון דומס, וואס שווייגט אײן אין זיך געוויין, „כאטש רי טראפנדלעך וואסער, וואס טריפן אן אויפהער, צעלעכערן אויך סוף כל סוף זיין שטייניק הארץ...

צעלעכערן פון אינעווייניק, ארויסגעבן אבער וועט דער שטיין זיינע אינעווייניקסטע וואונדן נישט פאר קיינעם, אויסערלעך וועט ער בלייבן שטיין־פעסט ליגן אויף זיין ארט. ערד און שטיין זענען נישט קיין לירישע עלע־מענטן, נאר דראמאטישע קאנפליקטן וואקסן דא אן לאנגזאם ביז זיי לייזן זיך אויף.

די ראקי־בערג פון קאלאראדא, וואס באוואכן דאס לעבן און טויט פון נתן ניומאן, לייזן זיך אויף ביי לייוויקן מיט דער אויפלייזונג פון זיין ליידנדיקן העלד, וואס שטארבט א פשוטן טויט פון א פשוטן מענטשן.

„זיי שטייען אויסגעפוצט אין העלע שנייען,
צענויפגעשמידט אין ברידערלעכער קייט,
און רויטע פליגלען איבער שפיצן ווייען,
און ווערן זילבערדיק אליין פארשנייט.״

און די אויפלייזונג קומט ביי די בערג „אין סוד פון זען ארויסהויכונג פון לונגען, דורך שויב דורך אפענער אין זון אריין.״ א לעבן ווערט ארויס־געהויכט, אויסגעמישט און צונויפגעגאסן מיט דער נאטור ארום, און די נאטור בינדט זיך אן ערגעץ־ווו מיט דער אויפגעלייזטער אין וועלט־אל מענטש־לעכער נשמה.

„די העכסטע שפיצן בויגן זיך אריבער, —
אט דוכט זיך, גיבן זיי די קייט א ריס,
און נעמען שפאנען איבער טאלן, גריבער
מיט הייליקע בראשיתדיקע פיס.״

און ווען דער פּשוטער מענטש פון דער פּשוטער ערד, נתן ניומאַן, שטאַרבט, און ער בלייבט אין זיין נייער שטוב, „באוואַכט מיט אַ ברעטל און מיט אַ נומער אויפגעשריבן", פרעגט דער דיכטער, צי —

„אַזאַ מין וווּנדער טאָג האָט ווען געזען ווער? —
אַ חוץ די העלזעער די ניין, די צען,
צופוסנס פון די ראָקי־בערג פון דענווער,
האָט קיינער אַזאַ זעאונג נישט געזען."

(דאָרט, ז' 512)

אַוודאי האָט מען אַזאַ וווּנדער טאָג נישט געקאָנט זען, ווייל נישט פאַר אַלעמען גייט אויף די מיסטעריע פון טויט אין אַזאַ אָפענער ליכטי־קייט.

לייוויק זעט אין דער טויט־מיסטעריע דעם טיפערן זין פון לעבן, וואָס ווערט נישט איבערגעריסן דורכן פיזישן טויט.

עס איז פאַראַן טראַגיק אין אומקום, אמת, עס איז אָבער אויך פאַראַן אינעווייניקסטע פרייד אין דער ליכטיקער מענטשלעכער טואונג, וואָס שטאַרבט נישט, איר תמצית איז אומשטערבלעך.

דאָס איז די קינסטלערישע העלזעערישקייט, וואָס זעט ווייטער מיט דעם אומזיכטיקן אויג פון אונטערבאַוווּסטזיין ווי דער פילאָזאָף מיט זיין פאַרגרעסער־גלאָז פון ־באַוווּסטזיין.

שפינאָזאַס אינטעלעקטועלע ליבע צו גאָט, ווערט דאָ איבערזעצט ביים דיכטער אין אינטואיטיווער ליבע צו מענטש.

און פאַרקניפּונג פון לעבן און טויט אין איין מיסטעריעזן קנופּ קומט רעמלט, ווען די נשמה באַפרייט זיך פון איר תפיסה — דעם גוף — און זי גייט איבער אין דער איראַציאָנעלער מעטאַפיזישער עקזיסטענץ.

„ווייל מיר זענען ריין געווען האָבן מיר נישט געפילט די שפּורן פון קבר, וואָס מיר רופן אַ גוף, און וואָס מיר טראָגן אים מיט זיך, און צו וועלכן מיר זענען צוגעבונדן אויף דעם זעלבן אופן ווי אַן אויסטער צו איר שאַלעכץ", — זאָגט פעדראַ צו סאָקראַטן.

לויט פּלאַטאָנען, הייסט עס, קאָן דער גייסט, די מענטשלעכע נשמה קומען צו איר שלימות נאָר דעמלט, ווען זי טוט זיך אויס פון שאָלעכץ פון גוף. די נאַטור פון דער מענטשלעכער נשמה איז אין נאָענטער קרובה־שאַפט מיט גאָט, אומשטערבלעך איז זי און אייביק.

די נשמה לעבט אין אַן אייביקן המשך, וואָס ענדיקט זיך נישט:

לייוויק לאזט ספינאזאן פרעגן מיט א פראגע אויף א פראגע אין דעם ליד וועגן אמסטערדאמער פילאסאף: „ער זאגט צו נאכט״.
ער פרעגט און ענטפערט:

„— ווי קום איך אהער אריבער
נאך הונדערטער יארן פון טויט? —
כ׳דארף אויסלעבן א נייעם פיבער,
כדי נאכאמאל שטארבן מיט פרייד...״

און אין אן אנדער ליד פון דעם ציקל:

„איך גיס צוזאמען מיין געזיכט
מיט סוד פון וואנט, מיט סוד פון מויער:
איך הער א קול: איך בין דאס ליכט,
וואס פליסט פון טויט אריין אין דויער...״

און קלאר איז פאר לייוויקן, אז עס איז דא א ליכט אין דער מענטש־לעכער נשמה, וואס לעשט זיך נישט אויס, נאר וואס גיסט זיך איבער אין אייביקן דויער:

„צוויי מאל צוויי איז — פיר,
איך מאל איך איז — דו,
דו מאל דו איז — מיר,
טויט מאל טויט איז —רו...״

און דער פינאל:

„שארך ביים טיר. — סטוק, סטוק. —
ס׳איז אפן, קום אריין, —
לויכט אויף אין לעצטן קוק, —
טויט מאל טויט איז — זיין.״

(לידער פון גן עדן)

נאר דער טויט פארייניקט מענטשן אין דער געגארטער ברידערלעכער גלייכקייט:

„אלע האבן מיר פון טויט געטרונקען גלייך —
זענען ענלעך אלע אונדזערע געזיכטער:
ברידער מיינע, אלע צו איין קעניגרייך, —
ס׳וועט צוריק ניט קומען שוין די שעה פון ניכטער.״

און טאָמער מיינט דער דיכטער, אַז אפשר איז פּאַרט איינער מער אויסדערוויילט פון צווייטן צו באַנעמען דעם טיפערן, לויטערן זין פון דער טויט־מיסטעריע, זינגט ער:

„לאָמיר אויסדערוויילן איינעם, און זיין קאָפּ
לאָמיר זאַלבן און מיט קרוין באַקרוינען;
ברידער מיינע, ניין — צוריק די קרוין אַראָפּ,
אַלע זענען מיר געזאַלבט ביז איינעם...״

און דערפאַר ווענדעט זיך דער דיכטער:

„אַנזאַגערס, —
זאָגט אָן די בשורה אויף רעכטס און לינקס:
די זאַנגען בליען שוין אין ימען בלומען;
זאָגט אָן די בשורה אויף רעכטס און לינקס:
פון טויט די גרויסע שפע איז געקומען...״

ווייל אין לעצטן סך הכל, זענען מיר אַלע געקומען נישט מער ווי זיך דורכרייטן אויף דער אייליקער, מייליקער ערד:

„... אַז איך דערמאָן זיך די מוטערשע פרייד,
וואָס וואַרט אויף דער לעצטער, לעצטער מייל —
קלינגען ברידערלעך — אויף מיינע שפּאָרן
און איך אייל, און איך אייל. — — —

איך — אַ רייטער אַ ווייסער
אויף נאָך אַ ווייסערן פערד —
בין געקומען זיך דורכרייטן נאָר
אויף דער מייליקער ערד...״

אַט דאָס ליד וועגן דעם ווייסן רייטער, איז אפשר דאָס ווייסטע ליד אין דער גאַנצער יידישער פּאָעזיע, דאָס סאַמע קלאָרסטע און געלייטערטסטע וואָרט מיט וועלכן דיכטער ווערן באַשאַנקען, ווען זיי איז באַשערט צו קומען צו די קוואַלן פון סאַמע עכטן מענטשלעכן געפיל, וואָס דאַרף נישט קיין אָרנאַמענטן כדי אים צו אַנטפּלעקן.

פאַרקערט: אין דער פּשוטקייט, איז פאַראַן די אויסדערוויילטקייט פון פּאָעט צו קומען צו זיין אייביק־געגאַרטער שלימות.

און אויב מע זאָל מיך פרעגן, ווו איז דאָס אָרט פון לייוויקס רייפקייט אין זיינע לידער, וואָלט איך אָנגעוויזן: אין די טויט־מאָטיוון פון די „לידער פון גן עדן״, און אין דעם קרוין־ווערק זיינעם: „די באַלאַדע פון דענווער סאַנאַטאָריום״.

I.

## טראַגישער אָפּטימיזם

דער חורבן און טויט פון דעם יידישן לעבן, האָט פאַרמרה־שחורהט די נשמה־לאַנדשאַפט לייוויקס.

און דער פּייזאַזש פון אַלע לידער זיינע פון אָט דעם אומקום־פּעריאָד איז אין „חלפּדיקן שטערן־וויים".

און ס'טראָגט זיך „פליייש־גערוך" פון „קלעפּיק, דאַמפּיק בלוט", און עס הענגט די „וואָלפישע שנאה" אין דער לופטן, און עס וואַכט ערגעץ־ווו „דער פייער־חלף" איבער „ספּאַזמיקע העלדזער", וואָס בעטן זיך אַליין: „קום שעכטן!"

גרייט איז שוין די „יאַטקעדיקע פּלאַכטע", און דער „שעכטהויז־וואָגן" וואַרט, און —

„דער אַנגעצונדענער, רויטער האַלדז, פאַרוואָרגענער האַלדז,
דער דינינקער האַלדז פונעם קינד,
ליגט אויסגעשטרעקט פאַר אַלע חלפים..."

און

„אָנגעשטרענגטע אויגן — ווי צילנדיקע מעסערס,
אָנגעשטרענגטע אויגן שניידן דורך אַלע שויבן,
דער וואָס דאַרף קומען, פאַרוואָס קומט ער נישט?
ער האָט דאָך צוגעזאָגט, ער האָט דאָך צוגעזאָגט."

קינד און קייט וואַרט אויף דעם טויטס צילנדיקע מעסערס און חלפים. אויב אומקומען — איז וואָס גיכער!

ער גייט אַריין אַזוי טיף אין דער טויט־אַטמאָספער, לייוויק, אַז ער בלייבט אַליין פאַרוווּנדערט פאַר אָט דעם מאָטיוו, וואָס פאָלגט אים אַזוי נאָך, ווי אַ געשפּענסט, און ער זוכט פאַרענטפערונג פאַר די קלוגע און קלוג־געטשקע מענטשן, וואָס האַלטן נאָר אין איין פרעגן:

„קלוגע מענטשן, הער איך ריידן וועגן דיר
טויט — ברודער מיינער.
זאָל איך זיי דערציילן,
אַז מיר זענען ביידע אויף דער וועלט געקומען..."

„ביידע מיט איין מאָל דורך הויט און הייטלער, דורך פלייש און בלוט פון יענער וועלט". ביידע — דער טויט און דער דיכטער, — „ווענען געלעגן ערגעץ פאַרטייעט" אין איין וויג מיט די בלאָנדע קעפּ און גרויע אויגן, און געשמייכלט צו די פלעקן פון דער זון..

— ווו איז דאָס געווען?

„דאָרט אין צפון־לאַנד".

אין סיביר. „אויף דער נאַרע פון תפיסה", ווו „דער פויסט לאָזט אַראָפּ זיך ווי אַ שטיין, און נאָך שאַרפער פון פויסט — זיין געלעכטער" — דער געלעכטער פונעם תפיסה־שומר, וואָס פייניקט מיט זיין לאַכן מער ווי מיט זיין שלאָגן פאַר וועלן נאָר קוקן אויף די צוזאַמענגעדרייטע און ליידנ־דיקע מיטברידער פון דער טורמע און — פאַר נאָר וועלן טראַכטן פון דער יעניקער, וועמען דער דיכטער „וועט ליב האָבן שפּעטער..."

„ער טוט מיך אַ נעם פאַר די קייטן, נעמט מיך ציען און שלעפּן
איבער אַלע פאַרכישופטע גופן. מיין קאָפּ — איבער קעפּ,
איבער בייכער..
— — — ביז וואַנען מיין גוף פאַלט אַראָפּ צו דער ערד מיט
אַ הילך און בלייבט ליגן..."
— — — און — מיטאַמאָל אַזאַ וואַרעמער רעגן איבער מיר,
אַזאַ רויטער.
און געווירצטער קלעפּיקער האָניק נעמט רינען פון מיין שטערן
און ליפּן..."
(וואָלקנס אהינטערן וואַלד)

תפיסה־אַטמאָספער, וואָס גייט אויף אין ליכט פון דערמאָנונג.

דעם דיכטער חלומט זיך „בונט פון חברים," און אַז „עס האַמערן פויסטן אין גראַטעס; עס ברעכן זיך שויבן, עס טופּען צעטראָגענע פיס, קלינגען אָפּ ווי גאַלאָפּ איבער אייזערנע בריקן" — און עס עפנט זיך אויף די וועלט פאַר די פאַרגראַטעטע: קאָמפּענסאַציע פאַר ליידן און טרויער.

עס מוז דאָך פון ערגעץ קומען די אויסלייזונג פאַר פאַרפייניקטע און באַליידיקטע.

דער פּאָעט חלומט אוים אַ געשטאַלט, „אַזאַ, וואָס ער זאָל ליב האָבן".

„... ס'איז דאָ ערגעץ אַ מענטש פון וווּנדער.
איך זע אים ניט, נאָר זיין קול דערהער איך..."
ס'איז דאָס קול פונעם גואל.

נאָך דער דאָזיקער מאָמענטאַלער אָפּטימיזם פונעם דיכטער פאַרוואַנדלט זיך ווידער אין טראַגיק, בעת ד ע ר אויף וועמען עס וואַרט די גאַנצע וועלט, איז נישט אימשטאַנד כאָטש מיט עפּעס צו פאַרלינדערן די וואַרטנ־דיקע:

„דער אויסלייזער ליגט אין זיין אָרון
אַנגעטאָן אין פאַראַרנע קליידער, —
און צוקאָפּנס אים ברענען צוויי ליכט."

און —

„אויף יענער זייט אוהל — מהומה,
געפּויק און געקנאַל פון קאַנאָנען...
— — — געפּעכטן און בלוט איבער גאַסן,
געשרייען פון אַנגסטן, געיובל...
— — — דאָס פאָלק גייט פאַרביי אין הכנעה,
און טראָגט אַוועק אי טריסט אי טרערן —
און צוקאָפּנס אים ברענען צוויי ליכט..."

געפּעכטן, מלחמות, רעוואָלוציעס — און גאולה־בענקשאַפט.

דאָס רעאַלע לעבן קאָן שוין נישט צושטעלן מער שטאָף פאַרן דיכטער פון דער רויער, ברוטאַלער וואָר, און ער לאָזט זיך אַוועק אין די ווייטע אַמאָלן, כדי פון דאָרטן אַרויסכישופן געשטאַלטן, וואָס זאָלן לעשן מיט זייער בטחון אין אַ נייער וועלט זיין גאולה־דאָרשט.

די סאָציאַלע בעלי־חלומות פון אָנהייב הײַנטיקן יאָרהונדערט, האָבן דורך די בלוטיקע גראַנגלען זייערע אויסגעוואָרעמט אַ לעכצעניש נאָך אַ נייער וועלט.

און לייוויק איז גלייך פון זיין סאַמע ערשטן טראָט אין דער יידישער ליטעראַטור (און אין לעבן) געווען געקניפּט און געבונדן מיט אָט־די אַלע חלומות און בענקשאַפטן.

ער האָט זיך פיזיש און גייסטיק אַריינגעשניטן אין סאַמע האַרץ פון אונדזער עפּאָכע.

זיין ערשטע גאולה פּאָעמע („די קייטן פון משיח"), איז דאַטירט 1908, און איז געשריבן אין מינסקער טורמע.

זיין לעבן און שאַפן האָט זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן ביי אים און עס שאַפט זיך דער גליקלעכער סינטעז פון זיין אייגן לעבן מיט זיין ווערק.

ער נעמט אַריין אין זיינע ווערק די ווידעראַנאַנדיקע פּראָבלעמען און אידייען פון אונדזער איצטיקייט.

פּראָבלעמען פון מענטשן־רעכט; דערלייזערישע מאָטיוון פון ייד און מענטש, און ווי אַזוי זיי ברעכן זיך דורך אין דער פּסיכיק פון מענטשלעכע קליינלעכקייטן פון גאווה און ווילן צו מאַכט.

רעוואָלט־מאָטיוון; זעלבסטאָפּפּערונג און אידעאַליזם אויפן גרענעץ פון קדושה און ברוטאַלע פּראָפּאַנאַציע פון עטישע פּרינציפּן; פּראָבלעמען פון גאולה־ברענגער און גאולה־אומברענגער; באַצווינגער און באַצוווּנגענער, — אידייען און פּראָבלעמען, וואָס קאָכן זיך און קאָכן זיך איבער אין די זיבּנ־דיקע קעסלען פון אונדזער צייט.

„אין פלאַמען טראָגן זיך דעם נביאס רייד
און ווערן לעולם־ועד פאַרשלונגען.
נישטאָ קיין ישועה פאַר הייליקע ווערטער, —
עס טרייבט זיי פון זיך מיט צאָרן גאָט
איבער אַלע פאַרשאָלטענע ערטער.
אָ, ברידער, ברידער, די ווינטן טראָגן
און ברענגען אַהער דעם ריח פון חורבן,
אָ, ברידער, ברידער, לאָמיר נאָכאַמאָל קלאָגן
אויפן גרויסן בראַך פון ירושלים...“
(„די קייטן פון משיח“)

אַזוי רעדט דער מלאך עזריאל אין לייוויקס ערשטער דראַמאַטישער פּאָעמע.

און אין דעם דאָזיקן קלאָג אויף ירושלים.איז פאַראַן דער עכאָ פון דעם יאוש, וואָס האָט זיך שפּרייטן געגומען צווישן די סאָציאַלע נביאים פון אָנהייב אונדזער יאָרהונדערט; דער ביטערער קלאָג נאָך דעם דורכגעפאַלע־נעם באַפרייאונגס־פּרווו פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905.

די רייד פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן, ווי ס'האָט זיך דעמלט גע־דוכט, זענען געווען לעולם ועד פאַרשלונגען, און די בעסטע זין פון דער קוים אויפוואַכנדיקער רוסלאַנד זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די טור־מעס און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

און לייוויק — איינער פון זיי, איינער פון דער מחנה גאולה־טרוי־מער, — האָט דורך די תפיסה־ווענט דערהערט דעם ווייגעשריי פון די אַנטוישטע און צעבראָכענע, באַליידיקטע און דערשלאָגענע מענטשן, וואָס זענען געבליבן אָפּגענאַרטע זיך ווידער קאָרטשנדיק אין גאולה־וואַרטענישן. און ווידער וואָרעמענדיק אין די פאַרפרוירענע נשמות דאָס פייערל פון פרייהייט און באַפרייאונג. און דער פּאָעט האָט זיך נישט נאָר דערשפּירט

דעמלט איינגעשפּאַרט אין ווענט פון תפיסה, נאָר ער האָט דערפילט מיטאַ־מאָל דעם זיך ראַנגלענדיקן געוויסן זיינעם צווישן ווענט פון דער אייגענער נשמה־תפיסה, פון דעם אייגענעם גורל.

און ער איז געקומען צו פּעסימיסטישע פועל־יוצאָס:

דעם נביאס רייד ווערן אויף אייביק פאַרשלונגען: הייליקע ווערטער האָבן נישט קיין תקומה, גאָט טרייבט זיי פון זיך מיט צאָרן — און דער דערלייזער איז אין קייטן געשמידט.

עס ווערן געבוירן אין דעם קינסטלער די ערשטע מאַטערנדיקע ספקות וועגן דער מעגלעכקייט פון וועלט־דערלייזונג בכלל, און זיין האַרץ ווערט אָנגעפולט מיט בענקשאַפט און עס ווערן פאַרזייט אין זיין נשמה די ערשטע קערנדלעך פון וועלט־שמערץ.

און אויב איר ווילט — קאָן מען שוין דאָ אין דעם רויען לייוויק־וואָרט פון זיין ערשט־ציטערנדיק ווערק, געפינען, ווי אין אַ סכעמע, די גאַנצע קווינט־עסענץ פון זיין שפּעטערדיקער שאַפונג.

עזריאל, דער גוטער מלאך, דער געוויסן פון אַט דער יוגנט פּאָעמע, לייוויקס, טענהט מיט די איבעריקע מלאכים, וואָס ווילן משיחן אין קייטן שמידן:

„כ'וועל ניט לאָזן די פיס פונעם גואל פאַרשמידן!
אַז דער גואל דאַרף קומען אַהער — זאָל ער קומען
צו ברענגען גאולה, און ניט כדי צו ווערן
אַליין אַ שטיק חורבן, און שטיין דאָ און שטומען
מיט אויגן פאַרקלאָגטע, פאַרשעמטע,
מיט קנעכלעך פאַרדרייטע אין רינגען,
וואָס וועלן אייַן עובדה נאָר האָבן — קלינגען.
די וועלט קאָן ניט וואַרטן,
ס'איז צו גרויס דער חורבן,
ס'איז צו גרויס דעם קרבנס געוויין,
די וועלט וויל משיחן ש ו י ן."

און שוין דאָ קומט לייוויק מיט צאָרן און פּראָטעסט קעגן די, וואָס פאַרוואַנדלען דעם גואל אין חורבן: ער רעוואָלטירט קעגן גוואַלט־טאַט און קרבן־טויט, ווי ער דריקט עס אויס בולטער און קינסטלעריש־רייפער מיט דרייסיק יאָר שפּעטער, אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע, די „עקדה".

ווי גרויס אברהם אבינוס אמונה זאָל נישט האָבן געווען אין דעם איינציקן גאָט, האָט ער נישט געטאָרט ברענגען זיין זון, יצחקן, פאַר אַ קרבן אפילו צום זעלביקן גאָט.

ווייל —

„אלץ וואס אויף דער וועלט, וויל זיין געליבט און טייער,
אלץ וואס אויף דער וועלט, וויל זיין געקושט ווי א געזיכט".
(א בריוו פון אמעריקע צו א ווייטן פריינט)

אויך די רעוואלוציע טאר נישט פארגיסן קיין אומשולדיק בלוט, אויך נישט אין נאמען פון דערלייזונג.

„ווען יעדנס לעבן הייליק וואלט געווען
ביים צווייטן מענטש, וואלט אויך דער מלאך המות
אין יעדנס לעבן הייליקייט געזען."
(באלאדע פון דענווער סאנאטאריום)

עזריאל אין דער פאעמע, „קייטן פון משיח", זאגט שוין ארויס דעם דאזיקן געדאנק.

„איין טויט פון א קינד איז גענוג
צו האלטן אלע וועלטן אין שרעק,
צו אנפילן דעם טרערן־קרוג
ביז איבער די ברעגן."...
(„קייטן פון משיח" באנד 2, ז' 403)

דער מאטיוו פון נעמען אויף זיך די מעגלעכסטע שולדיקייט גייט דורך ביי לייוויקן אין אלע זיינע — גאר פריסטע און סאמע לעצטע — לידער:

דער דיכטער שילדערט א נאכט אין תפיסה אין סיביר, מיט דרייסיק יאר צוריק, ווי א „האנט א געהיימע זיין שטערן מיט בלוטיקע צייכנס באזיגלט":

„און עמיצנס קול מיט א בייזער
פארשיט מיך מיט ווערטער ווי שלאנגען:
ער ווארפט מיר אין פנים פארברעכן,
וואס איך בין קיינמאל נישט באגאנגען"
דער דיכטער־ארעסטאנט פרוווט צו ווערן זיך, פארטיידיקן, נאר —
„אומזיסט מיינע טענות באווייזן,
איך ווער אונטערטעניק, געדולדיק,
מיט ליפן צוזאמענגעדריקטע
איך מורמל: בין שולדיק, בין שולדיק"...

און אין אן אנדער ליד פון אט דער סעריע:
„ניטא מער קיין טרערן און אויך קיין געלעכטער; איז מאכטלאז דער גוטער, אזוי אויך דער שלעכטער".

„די לייבער צעשמיסן
מיט אייזערנע ריטער,
און ווער עס האט מורא
דער חנפהט דעם היטער.

מיר אלע — ווי שאטנס
אין קאמער אין טויטן.
און שרעקט אייך די שטילקייט,
טא — טרייסלט די קייטן."

הכנעה, רעזיגנאציע — און רעוואלט.

דער גוטער און אויך דער שלעכטער איז שוין אריינגעווארפן אין שווייגן, אין א שטילקייט וואס שרעקט; מע מוז מקבל־באהבה זיין די ליידן; מע מוז אויפנעמען פרעמדנס שולד אפילו, זיך לייטערן אין ליידן; אבער — טאמער שרעקט אייך די שטילקייט, טא — טרייסלט די קייטן!

רעוואלטירט, קלינגט אין די גלאקן פון אויפשטאנד!

„ליגן מיר אלע אנידערגעפאלענע,
ליגן מיר אלע אין ווארטן. —
אויף וואס און וועמען ווארטן? — —
הייבט זיך אן קייקלען וועג איין און וועג אויס
פון היילן צו היילן דורך היילן,
ביז איר דערקייקלט זיך.
— קומט אונדז אנטקעגן! — עס רירט זיך נישט קיינער;
— עפנט דאס טויער! — דאס טויער איז צוגעמאכט;
— צינדט אן די יארצייטן! — יארצייטן ברענען נישט. —
ברידער, ווו זענען די שופרות פון אויפשטאנד?
ברידער, ווו זענען די לאמען פון אויפשטאנד —
דאס אייביקע טויער צו אויפברעכן?
— — — —
קלינגט אין די גלאקן פון אויפשטאנד,
און אז איר ווערט מיד, — רוט זיך אפ:
די גלאקן וועלן אליין זיך שוין וויגן!"

נאר עס געפינט זיך נישט קיינער, וואס זאל א כאפ טאן די שווייגנ־דיקע גלעקער פאר די צינגער און זיי מאכן שרייען ס'בראנזענע ווארט פון באפרייאונג.

די מחנה איז צעטיילט און ס׳איז נישטאָ דער כּוח פון פּאַראייני־קונג, און ס׳איז דעריבער אומזיסט דעם דיכטערס אומגעדולד־רוף צוזאַמען מיט גאָרקין, אַז „עס זאָל וואָס שנעלער אויסברעכן דער שטורעם.״!

ער האָט דערמלט אויסגעדריקט, לייוויק, אין אָט דעם ליד, די רעזיגנאַציע שטימונגען פון דעם אָפּגענאַרטן רעוואָלוציאָנער דורך דער ערשטער מפּלה פון 1905. און האָט איטואיטיוו פאַרוואָרפן אַ בריק אויף יאָרן פאָרויס, ווען די מחנה קעמפער און באַפרייער וועלן אַזוי זיין צעריסן צווישן זיך, אַז מע וועט נישט קענען אונטערנעמען צוזאַמען דעם גרויסן ענדגילטיקן קאַמף פון אַל־וועלט דערלייזונג.

אין ערשטן מאַי־פּאַראַד פון 1935 אין ניו־יאָרק:

„אויף יוניאָן־סקווער מאַרשירן קאָמוניסטן,
אויף פינפטער עוועניו מאַרשירן סאָציאַליסטן, —
און צווישן ביידע מחנות — רייטער פּאָליציי.
די רייטער האָבן אַ באַפעל — אַז אַך און וויי!
צו אַכטונג געבן אַז די פּראָלעטאַריער־לעגיאָנען
זאָלן זיך ניט וואַרפן איינער אויפן צווייטנס פּאָנען,
און זאָלן ניט אין אויסברוך פון אַ ברודערשן געשלעג,
פאַרבלוטיקן דעם יום־טובדיקן וועג...״

און דאָ קומט אַ דינע און שניידנדיקע איראָניע לייוויקס:

„ווייל ערשטער מאַי איז היינט — דער פייערטאָג פון ברידער,
פון סאָלידאַריטעט און אינטערנאַציאָנאַלע לידער,
דער טאָג פון רויטער בלום און אויסלייז־וווּנדער,
דעריבער און דערפאַר, הייסט עס, מאַרשירן זיי באַזונדער!״

דאָס דאָזיקע ליד ווירקט מיט בכוונדיקער פּובליציסטיק, מיט דעם נאַקעטן אויסדרוק פון דער ווירקלעכקייט אַן פּליטערלעך, וואָס איז אויך דער סטיל פון דער עפּאָכע.

און בלייבנדיק געטריי דער עפּאָכע, וואָס איז אַריינגענומען אין זיינע שאַפונגען, נעמט ער אויך אַריין די דאָזיקע לידער אין זיינע געזאַמלטע ווערק:

די לידער, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם דיכטערס פּוסטריט נאָכגיין דער צייט, אויפקלייבנדיק די שטיקער האָפענונגען, וואָס זענען נאָך ערגעץ־ווו פאַרבליבן פון דעם גרויסן שיף־ברוך, וואָס די רעוואָלוציע און די באַפריי־אונגס־אידייע האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע יאָרן.

און בכדי צו געפינען־ווו א גאנצקייט, א פערעמל וואס זאל דעם פריי־הייט־בטחון און גלויבן אין דער רעוואלוציע צוריק צונויפבינדן, — פאר־לאטעט ער די צעריסענע חלומות מיט שטיקער רעמיניסענצן פון זיין איי־גענער יוגנט־דערפארונג.

און ער טראגט זיך ווידער אריבער אין תפיסה אין סיביר, דעם ערשט־מאי:

„די קעמפער אין די קאמערן פארשטיקטע,
פארפייניקטע פון הונגער און פון קנוט, —
זענען נאר אין גוף געווען באזיגטע,
נאר ניט אין גייסט, ניט אין לעצטן מוט."

און ווען עס דערנענטערט זיך דער סוף פון ווינטער און עס שמעקט מיט פרילינג אויף סיבירער ערד, פלאטערט אויף די פאן פון ערשטן מאי אויך אין די פענצטערלעך פון סיבירער תפיסה.

און אז עס „שפרינגען אויף די ציגלעך פון די וואפן", „און עס צע־טראגן זיך קנאלן", „געבראזג, געטופעריי פון קנאפל" און „שפאט פון פיי־ניקער און קנוט־געפאך" און אויף די טירן פון טורמע „וויגן זיך צוריק די שלעסער", — ליגן „די גופן דורכגעקוילט מיט בליי"

„און שמייכלען צו דער רו, וואס וואקסט אלץ גרעסער,
און יום טובן ביז נאכט דעם ערשטן מאי..."

מיט וואס פאר א מין עקשנות און קרבן־גרייטקייט האט מען עס באגעגנט דעם פרייהייט־טאג, בעת דעם באגינען פון דער רעוואלוציע, בעת דעם יוגנט־חלום פון גאולה!

מיט דער רו וואס איז געוואקסן, איז רייף געווארן אין איר'ע אינגעווייטן דער רעוואלט־טירנדיקער אומרו, וואס האט זיך שפעטער פאנאנדערגעוואקסן אין א מעכטיקער פויסט און האט סוף כל סוף דעם מיט אייזערנע שטאנ־בעס פאריגלטן טויער פון דער צארישער רוסלאנד, אין 1917, דורכגע־בראכן.

און געקומען איז דער טאג פון גאולה.

נאר דא קומט ווידער פיין, ווידער בלוט, ווידער צער — און ווידער רו, וואס געבוירט אומרו פון רעוואלט און ווידער טרערן, וואס באטויען די ערשט פארזייטע זאמען פון נייער האפענונג.

אייביקע ליידן — און צייטווייליקע גאולה.

טראגישער אפימיזם לייוויקס.

סטיל פון דער עפאכע אונדזערער און סטיל פון לייוויקס ליד.

ז.

## פון נעכטן צום מאָרגן

די סאָציאַלע קאַמפן און געראַנגלען אין דער מענטשלעכער געשיכטע, שפּילן זיך אָפּ אויף דער אַרענע פון דעם קורץ־אָטעמדיקן ה י י נ ט, און וועלכן עס ווערן אַמאָל אַריינגעפּאַקט עפּאָכעס גאַנצע, און אַמאָל ווערט דער קורצער היינט אויסגעצויגן אויף גאַנצע ע פּ א כ ע ס.

עס איז געווענדט פון דעם טעמפּ פון צייט אין וועלכער די געראַנגלען קומען פאָר. אונדזער עפּאָכע איז אַ בליצלויפנדיקע און אונדזער דור האָט שוין פאַרצייכנט אויף זיין הויט, אין דער קורצער שטרעקע פון אַ האַלבן מענטשלעכן לעבן, מער ווי ע ט ל ע כ ע תקופות.

אויף דעם שלאַכטפעלד פון ה י י נ ט אין נאָמען פון מ א ר ג ן, קומען אום נישט נאָר די „העלדן", וואָס שניידן זיך אַריין מיט זייערע טאַטן אין דער צוקונפט, נאָר אויך אַלטע אידייען און אידעאַלן ווערן צע־ריבן אין דעם ה י י נ ט י ק ן קאַמף, — אַלטע באַגריפן און ווערטן ווערן אָפּגעריבן ווי מטבעות.

און דער קינסטלער, וואָס וויל אָפּשפּיגלען אין זיינע ווערק די סאָ־ציאַלע שטרייטן און קאַמפן איז נישט תמיד ביכולת נאָכצולויפן די געשעע־נישן און זיי פאַרפיקסירן, און ער האָט נישט צומאָל די מיטלען אפילו ווי אַזוי די העלדישע טאַטן און גרויסע טואונגען צו באַקליידן אין דעם נויטיקן לבוש.

דער שטורעם־ און דראַנג־פעריאָד פון מלחמה און רעוואָלוציעס האָט איבערגעקערט דעם וואָגן פון דער א ל ט ע ר קונסט אין דעם אויפגע־עפנטן אָפּגרונט פון כאַאָס.

און ס'איז דעם קינסטלער שווער געווען פונעם תהו ובהו אַרויסצו־געפינען דעם נויטיקן מאַטעריאַל פאַר זיינע קונסט־ווערק. און טאָמער האָט ער געפּרוווט באַזינגען דעם כאַאָס גופא, האָט זיך באַקומען כאַאָטיש געזאַנג.

נאָר פונקט ווי דער יחיד ירשנט פון זיינע עלטערן ביאָלאָגישע אייגנ־שאַפטן און קולטור־ירושה, אַזוי איז אויך דער קאָלעקטיוו אַ יורש פון דער היסטאָרישער טראַדיציע און ער שעפּט פון איר זיינע סאָציאַלע דערפאַ־

רונגען. און ווי דעם איינצלנעם ציט צו זיין פ ע ר ז ע נ ל ע כ ע ר פאַר־גאַנגענהייט, וואָס איז פול מיט ראָמאַנטישע דערמאָנונגען, אַזוי איז אויך דער קאָלעקטיוו פאַרבונדן מיט זיין היסטאָרישן עבר און ער בליקט אַרויס דורך אים צום עתוד־לבוא.

דער קינסטלער, ווי דעם קאָלעקטיווס שליח ציבור, טרינקט באַגייסטע־רונג פאַר זיינע ווערק פון דעם עברס ברונעמער, נישט מער, וואָס דער עבר איז אַמאָל אַן אָט־אָט אַוועקגעגאַנגענער נעכטן און אַמאָל איז ער אַ ווייט־ווייטע פאַרגאַנגענהייט.

אין דער יידישער ליטעראַטור האָט שוין מענדעלע געוווסט, אַז די „גלופּסקער האָבן אים געדינט פאַר אַ קרענעצע פאַר זיינע מעשות", — שטאָף פאַר זיינע קינסטלערישע ווערק, הגם ער איז שוין געווען לאַנג אַוועק־געגאַנגען פון גלופסקער קליינע מענטשעלעך און קליינע השגות. אויך י. ל. פּרץ, ווען ער האָט געוואָלט זיך באַהעפטן אַן דער טיפערער טראַדי־ציע, האָט ער זיך געווענדט צו דער יידישער מסורה, צו די לעגענדעס און „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" און אַרויסגערופן פון דער פאַרגעסנהייט די פּאַראיידלטע וואַסער־טרעגער, די מיסטישע האַלץ־העקער, די משיחישע רבנים און אַריינגעגעבן אין זיי אידייען און געדאַנקען פון דעם טיפערן מהות פונעם אידישן פאָלק.

דאָס זעלבע האָט געטאָן שלום אַש, ווען ער האָט זיך פאַרמאַסטן אויף גרויס־שילדערונג פון יידישן לעבן — ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף גע־שיכטלעכע עקסקורסיעס קיין אַלט־קאַסטיליע, בית לחם און נצרת. אַפּאַ־טאָשו האָט זיך געלאָזט וואַנדערן אין די געדיכטענישן פון די פּוילישע וועלדער; די געשטאַלטן פון דוד הראובני, שלמה מולכו, אשר לעמלען — קריגן קינסטלערישן תיקון ביי לייעלעסן; דער ביבלישער פּאַסטוך דוד — ביי באַריישאַן און דער פּריצייטיק־אומגעקומענער ביינוש שטיימאַן, פאַר־קערפערט די גאולה־גאַרונג פון דעם ערשט־אויפוואַכנדיקן רוסלאַנד אין די דראַמאַטישע פּאָעמעס „דאָס רויטע קינד", „משיח בן יוסף", „ביים טויער". אהרן צייטלין טוט אַז אין קבלה־רמזים און אין מיטאָלאָ־גישן רעקוויזיט זיין מטטרון און יוסף די לה רינה. מ. קולבאַק, אַלטער קאַציזנע שרייבן ווערק אויף אַ געשיכטלעכער פאָן. אויך אין דער העברע־אישער ליטעראַטור שאַפט זיך אַ טענדענץ פאַר געשיכטלעכער טעמע. חוץ ביאַליקס קלאַסישן „מגילת־האש" און טשערניכאָווסקיס איבערדיכטונגען פון דעם ביבלישן „גלגמש", ווערן געשאַפן ווערק אויף אַ מיטאָלאָגיש־היסטאָ־רישן הינטערגרונט פון: י. למדן, קאַבאַק, נתן ביסטריצקי א. אַ.

די העברעאישע ליטעראַטור דערגייט אין איר טראַדיציע־זוכעניש ביז אַפּצונעמען ביי די גויים און רעהאַביליטירן די יידישע געשטאַלטן, וואָס

זיי האָבן פּאַראייגנט; הויפּטזעכלעך ווערט געוואָרפן אַ נײַ ליכט אין דער העברעאישער ליטעראַטור אויף ישו הנוצרי און אויף זיינע תלמידים. 7)

און נאָך איין מאָמענט לאָקט די יידישע שרייבער אין דעם געשיכט־לעכן מאַטעריאַל, וואָס זיי נעמען פאַר זייערע ווערק — און דאָס איז דער סאָציאַלער פּאַטאָס, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט אונדזערע היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן; זייערע יושר זוכענישן און גאולה־בענקשאַפטן, וואָס זענען אַזוי אָנגעמאָסטן פאַר אונדזער הײַנטיקער צייט פון גרויסן סאָציאַלן אומרו.

„ס'לאַנד ליגט פאַרטייעט ביי הורדוסעס שנאה און האמער.
שנאה שפּייזט האמער און האמער שפּייזט שרעק — אין געדריי.
נאָענטסטע לייב פון זיין לייב — אין דעם זעלביקן קלאַמער,
אַלע באַשטימט פאַר דעם הינריכטערס קאַמער..."
(לייעלעס, „הורדוס")

הינריכטונגס־קאַמער, מרידה, ליידן און גאולה־טרוים — זענען די מאָטיוון פון אַט־די ווערק אויף היסטאָרישע און מיטאָלאָגישע טעמעס.

היסטאָריש זענען די דאָזיקע ווערק נאָר אין זייער מיליע. פּייזאַזש, אין דער אַטמאָספער, — דער אינהאַלט אָבער איז כמעט שטענדיק אַ הײַנטצײַטיקער.

די קאָנפליקטן, וואָס קומען פאָר און די טראַגעדיעס, וואָס שפּילן זיך אָפּ אין זיי, זענען כמעט שטענדיק ענלעך צו די פּאַסירונגען פון אונדזער צייט און זיי זענען נאָענט מיט זייער אימפּעט צו אונדזער הײַנטיקן געמיט.

עס איז נישט קיין וווּנדער דעריבער, וואָס לייוויק, איינער פון אונדזע־רע דיכטער, וואָס איז אַזוי פאַרטאָן אין מעסיאַניסטישע זעאונגען און איז פול ווי אַ מילגרוים מיט סאָציאַלן אומרו, האָט פון די סאַמע ערשטע פון די

7) אינטערעסאַנט איז, וואָס אין דער זעלבער צייט האָבן אויך רוסישע פּאָעטן זיך פאַרקערעוועט אויפן היסטאָרישן וועג: סערגיי יעסענין האָט אָנ־געשריבן, אין די ערשטע יאָרן פון דער רעוואָלוציע, זיין באַרימטע פּאָעמע „פּוגאַטשאָוו"; וואַסילי קאַמענסקי — „סטענקאַ ריאַזין", און מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן אַנדערע וויכטיקע סאָוויעטישע שרייבער זיך איינגע־שפּאַנט אין דער היסטאָרישער טעמע, צווישן וועלכע עס פיגורירט אַלעקסעי טאָלסטאָי מיט זיינע: „פּיאָטר דער ערשטער" און „אַלעקסאַנדער נעוו־סקי". אונטער דעם איינפלוס האָבן, ווי עס ווייזט אויס, אויך יידיש־סאָ־וויעטישע שרייבער זיך גענומען פאַר דער היסטאָרישער טעמע: דער נסתר, מ. דניאל, ש. האַלקין, א. קאַהאַן, א. קושניראָוו און אַנדערע.

שרייבער פון זיין דור, זיך אַ קער געטאָן צו דער יידישער לעגענדע און געשיכטלעכן מיטאָס.

דאָס ערשטע פונדאַמענטאַלע ווערק, לייוויקס, געבויט אויף היסטאָרישער לעגענדע, איז זיין דראַמאַטישע פּאָעמע „דער גולם".

און נישט נאָר צוליב דעם וואָס דער „גולם" איז די גרעסטע טעמע אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט זיך דאָס דאָזיקע ווערק אַוועקגעשטעלט אויבנאָן, — נאָר דערפאַר ווייל אין דעם דאָזיקן ווערק ווערן באַרירט פּראָבלעמען פון יידישן קיום, און די מיסטעריע פון יידישן פאָלק מיט זיינע וועלט־דערלייזערישע אידייען, וואָס ער ברענגט אַריין צווישן פעלקער, פּראָבלעמען פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם. דערפאַר איז דער „גולם" אַ פונדאַמענטאַל ווערק.

דער „גולם", כאָטש אַ י י ד י ש־מיטאַלאָגישע געשטאַלט, רעדן אָבער אַרויס פון זיינע טואונגען, פון זיין געהיימער שליחות, אין וועלכער זיין באַשאַפער, דער מהר"ל, שפּאַנט אים איין, — א י ד י י ע ן, וואָס גייען אַריבער דעם יידישן גדר. דאָס זענען די אידייען פון דער עפּאָכע, מיט וועלכער לייוויק האָט זיך אַקטיוו־געזעלשאַפטלעך פאַרבונדן, נישט נאָר געמאַכט זי פאַר אַ טעמע, פאַר אַ גרויסער טעמע פון זיינע ווערק.

אין אָט דער געשטאַלט האָט לייוויק געוואָלט געפינען אַ מין גאַנצקייט פאַר די צעריסנקייטן, וואָס דריקן זיך אויס אין זיינע לידער; ער האָט געוואָלט פורעמען דעם כאַאָס פון זיין צייט, מתקן זיין די פּגימה, וואָס דער חורבן האָט געמאַכט אין דעם יידישן לעבן.

און עס איז כלל נישט וויכטיק דאָ צו באַרירן אויף ו ו י פ ל די דאָזיקע פּאָעמע, לייוויקס, האָט די אַלע ריסן פאַרנייט, ריסן אין זיין געמיט און ריסן פון דעם יידישן לעבן. עס זענען דאָ לפי דעתי אויך נישט וויכטיק די אַלע אומקלאָרקייטן, נישט דערזאָגטקייטן און נישט גאַנצקייטן פון דער פּאָעמע גופא, — וויכטיק אין אָט דעם ווערק זענען די גרעסערע און טיפערע אידייען פון אַ מער דויערנדיקן ווערט, וואָס דער דיכטער באַרירט דאָ צום ערשטן מאָל, — די אידייען און פּראָבלעמען פון דער ע פּ אָ כ ע, וואָס לייוויק האָט געוואָלט אַנטאָן אין קינסטלערישע מלבושים.

און אויב דער מלבוש איז נישט תמיד געפּאַסט אויף דער מגושמדיקער פיגור פונעם „גולם", אויב זיין הולך שאַקירט וועמען פון די שיינקייט־זוכער, אויב דאָ און דאָרטן אין דעם ווערק קאָן מע געפינען מטושטשע מאָמענטן, וואָס זענען, בעתן שאַפן פון אָט דעם גרויסן ווערק, נאָך פאַרן דיכטער א ל י י ן נישט קלאָר געווען, — גייען מיר זיי פאַרביי, און מיר באַוואונדערן דעם גאַנצן בנין, נישט זיינע דעטאַלן.

די אומקלאָרקייטן און נישט גאַנצקייטן קומען פון דעם דיכטערס גע־

מיט, וואָס איז אין אַ שטענדיקן קאָנפליקט מיט זיך, מיט דער וועלט און מיט דעם סאָציאַלן אַרום. די געשטאַלטן פון דעם „גולם" ליידן אויך פון אַט־די שרעקן און ספקות, זעלבסט־פּייניקונגען און אינערלעכע צע־ריסנקייט, וואָס זיי האָבן באַקומען „בירושה" פון זייער באַשאַפער.

דער קינסטלערישער אינסטינקט, לייוויקס, האָט אים געטריבן דווקא קיין פּראָג אויפצולעבן די לעגענדאַרישע געשטאַלט פונעם גולם און — פון זיין באַשאַפער: דעם מהר"ל. ער האָט זיך נישט גע־קאָנט באַגנוגענען אין זיין דראַנג צו איבערגעבן דעם גרויסן סטיל פון זיין עפּאָכע דורך פּאַרטיקע ליטעראַרישע כאַראַקטערן, וואָס זענען אומגעגאַנגען אויף דער ליטעראַריש־יידישער גאַס און נישט געוואָלט זיך באַנוצן מיט די גרייטע מאַסקעס, וואָס מע האָט געקאָנט אָנפּאַסן פאַר יערן געשטאַלט, ווייל נישט אין דער אויסערלעכער הלבשה איז עס געגאַנגען לייוויקן, נאָר אין דעם טיפערן תוכן, — האָט ער זיך געווענדט צו דעם עבר אויסצוגעפינען נייע פיגורן און געשטאַלטן.

דער מהר"ל ליידט פאַר די אַלע אומרעכטן, וואָס ווערן באַגאַנגען לגבי זיין פאָלק. ער וויל מיט וואָס לינדערן זיינע נויטן און פּיין, ער רופט צו גאָט, — נאָר די שערי־הרחמים זענען פאַרשלאָסן.

די נגישות, צרות און יידישע יסורים, לאָזן אים אָבער פאַרט נישט רוען. ער וויל בפועל ממש עפּעס טאָן פאַר זיין פאָלק. — ווי שלמה פון „דער גאָלדענער קייט" האָט געוואָלט דוחק הקץ זיין, — נאָר דער מהר"ל איז פון אַן אַנדער טייג געקנאָטן, ווי פּרצעס שלמה, און אין אים לעבן שוין אַנדערע אידייען.

אומענדלעך וואַרטן אויף דער השגחה איז ער מער נישט בכוח. דער מהר"ל, ער גלויבט נישט מער ערגעץ אין דער טיף פון זיין נשמה אין דער מעגלעכקייט גאָר פון איר הילף, און ער קומט צו דער אפּיקורסות, אַז די השגחה האָט באַנקראָטירט, און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר יידישע ליידן; ווער עס זאָל אויפמאָנען פאַר אַלץ און באַצאָלן די אַלטע היסטאָרישע חובות. — רעוואָלטירט ער קעגן דער גאָטהייט, און ער פאַרמעסט זיך מיט איר אין באַשאַף:

„עס האָט מיך גאָט געשיקט איך זאָל דיך קנעטן,
איך זאָל דיך אָפּטיילן פון שטיינערדיקן באָרן
און מיט דער ערשטער שיין, וואָס צינדט זיך אָן אין הימל,
אַריינבלאָזן אין דיר אַ לעבעדיקן אָטעם...", —

זאָגט דער מהר"ל צו דער געשטאַלט פון גולם, וואָס דערשיינט פאַר אים אין פריען באַגינען — אַ פולשטענדיקער פאַרמעסט מיט גאָט.

דער גאָט — באַשאַפענער אין דמות פון מענטש, — מחמת דער מענטש האָט אים דאַך אויסגעמאָלן אין זיין דמיון, — האָט נישט מער קיין כוח, אָדער ער וויל נישט זיך אָננעמען פאַר הימל־שרייענדיקע עוולות; דער מענטש וואָס איז באַשאַפן אין צלם־אלהים קאָן אויך גאָרנישט טאָן, דער מענטש אין דער פאַרקערפּערונג פון גייסט, — דערטראַכט זיך דער מהר"ל צו דעם געניאַלן געדאַנק צו באַשאַפן אַ נייעם מין מענטשן בצלם־מענטש.

און פון ליים וועט ער אָט דעם מענטשן באַשאַפן, פון רוי־ערד, פון דער זעלבער מאַטעריע, פון וואָס די ווירקלעכקייט ווערט צונויפגעשטעלט. אויב מיט רוחניות קאָן מען די וועלט נישט דערלייזן, מוז מען אָנווענדן די פויסט קעגן דעם וואָס שלאָגט, דורך פיזישן כוח דערלייזן די וועלט.

שוין פּרצעס גאָט איז געווען באַנקראָט, נאָר ער האָט נישט געוווסט, פּרץ, דעם סוד ווי אַזוי מען קאָן פון ליים אַ נייעם מענטשן באַשאַפן, וואָס זאָל העלפן מיט זיין ערדישער גבורה אויסצולייזן די וועלט.

און דער גולם — איז דער סימבאָל פון ערד, פון ליים, פון ברוטאַלער קראַפט: דער אויסדרוק פון דער מאַנאָליטישער מאַסע, וואָס זי דאַרף אַליין איבערבויען די וועלט און נישט וואַרטן אויפן גואל.

דער גולם, אָדער די מהר"ל־אידייע, נישט ווי ער האָט זי געאַנט, נאָר ווי זי איז אַרויסגעקומען דורך זיין טאַט, איז אין קעגנזאַץ צו די אידייען פון פּרצעס שלמה און פון איבסענס בראַנד אין דער נישט־יידישער ליטע־ראַטור:

ביי איבסענען און פּרצן זענען די שלוחים פון דערלייזונג — די יחידי סגולה; די אויסגעאיידלט־רוחניותדיקע געשטאַלטן: שלמה און בראַנד, און ביי לייוויקן (און ביים מהר"ל) — דער עולם־גולם, די מאַסע.

און אָט אין וואָס באַשטייט דער קעגנזאַץ פון אָט די צוויי פונדאַמענ־טאַלע טיפּן אין דער יידישער ליטעראַטור, שלמה און מהר"ל: שלמה, דער פאַרגייסטיקטער אידעאַליסט, וויל דעם שבת פאַרהאַלטן בכדי דורך דעם צו פאַרשבתן די וואָך — און וואָך מיינט: טעגלעך לעבן, גלאָף און געיעג נאָך אַ פּענעץ ברויט, קאַמף פאַר עקזיסטענץ, ער וויל אַ לעבן פון כולו רוח־ניות, שלמה. ער מאַכט נישט קיין הבדלה, און דורך דעם וויל ער בגוואַלט פאַרהאַלטן דעם שבת קודש. אַפּשטעלן די ראָד, וואָס באַוועגט דאָס גאַנצע וואָכעדיקע לעבן, — דער איינגעשפּאַרטער אידעאַליסט וויל דוחק־הקץ זיין און ברענגען די גאולה מיטן כוח פון גייסט.

און דער מהר"ל — דער כמו־ראַציאָנאַליסט (אין אונטערבאַוווסזיין), אין גייסט פון רענעסאַנס, רעוואָלטירט קעגן פאַרגייסטיקטער נשמהדיקייט, און ער זוכט דעם סינטעז, די פאַריייניקונג פון גייסט מיט מאַטעריע, נשמה מיט גוף צוזאַמען, און ער באַשאַפט דעם גולם־דערלייזער, אין געשטאַלט

פון אַן ערדישן מענטשן, פון רויער מאַסע, וואָס טוט וואָס מע שיקט אים צו טאָן, וואָס פירט אויס „סאָציאַלע באַשטעלונגען".

ווען דעם מהר"ל באַפאַלט אַ ספק און דער אומרו פון באַשאַפער באַ־הערשט אים אין דעם פּראָצעס פון באַשאַפן זיין גולם־מענטש, פּרווט ער פאַר זיך אַליין קלאָר מאַכן דעם עצם געראַנק פון זיין יצירה:

„ווער בין איך דען וואָס איך באַהעפט? —
כ'בין בלינד געווען און דו האָסט זעענדיק געמאַכט מיר,
פון הימל־הויך אַ וויי געטאָן אויף מיינע ברעמען
און מיר אַנטפּלעקט דעם שלאָפנדיקן גוף,
ער שלאָפט שוין דאָ ווער ווייסט פון וויפל דורות...
און ערגעץ וואַנדערט זיין נשמה אום פאַרבענקטערהייט,
צי האָט פון דורותדיקן וואַנדער די נשמה
צום שלאָפנדיקן גוף דעם וועג פאַרגעסן,
צי אפשר שלאָפט זי אויך אין ערגעצוווּ באַזונדער,
און וואַרט אויך ווי דער גוף, דו זאָלסט אַ צווייטן מאָל
צעעפענען מיר און אַנטפּלעקן..."

ער וויל די פאַרבינדונג פון גוף און נשמה, דער מהר"ל, און ער בעט ביי דעם וואָס האָט אים אַנטפּלעקט דעם גוף, ער זאָל אים אויך אַנטפּלעקן די נשמה, וואָס בענקט נאָך דער באַהעפטונג כדי צו ווערן אַ גאַנצער כוח.

אַ מין נייער באַשאַף, אַן איבערפראַזירונג פון דער ביבלישער קאָסמאָ־גאָניע.

דער מענטש, ווי כביכול קאָן וועלטן צעשטערן און זיי אויפסניי אויפ־בויען — ווערנדיק אַ שותף צו מעשה־בראשית.

און ווי דער באַשאַפער גאָט ברוך הוא טראָגט־ווו די אחריות און זאָרג פאַר זיין קרעאַטור, ווי עס איז דער נאַטירלעכער ביאָלאָגישער געזעץ פון טאַטן צום קינד, — אַזוי האָט אויך שוין ביי לייוויקן געטראָגן דער מהר"ל דעם אומרו פון זיין באַשאַף — דעם גולם, איידער נאָך ער האָט אים אינ־גאַנצן אויסגעפורעמט:

„ביז וואַנען ער וועט זוכה זיין צום לעבן,
אַ האַנט אַ הויב טאָן, אויפשטעלן אַ פוס,
טראָג איך דערווייל דעם קוק פון זיינע אויגן..."
זאָגט דער מהר"ל.

לייוויק אַליין איז אין דער בחינה פון אַ מהר"ל, וואָס האַלט אין איין טראָגן אין זיך דעם „קוק פון די אויגן" פון זיינע געשטאַלטן, וואָס ער רופט אַרויס צום לעבן, און ער קאָן זאָגן צוזאַמען מיטן מהר"ל:

„אין אַלץ וואָס איך פאַרטראַכט, דערזע איך.
און אַלץ וואָס איך דערזע, וועט קומען".

און דאָס איז די רעאַליע פון יעדן באַשאַפער און פון דעם קינסטלער־געשטאַלטער אויך. כל זמן דער באַשאַף אַליין איז נאָך א י ד ע ר זיין ווערן, איז ער ווי נאַטור־עלעמענט פאַר אַ שטורעם; אַזוי גיך אָבער ווי ער דערוואַכט צו „גאַסיקן געשריי", ווערט ער פול מיט אומגעדולד און בענקשאַפט.

די געשטאַלט פון גולם, וואָס דערשיינט פאַרן מהר"ל — איר באַשאַפער, רעדט צו אים מיט טענות:

„דו האָסט אַ גאַנצע נאַכט געקנאָטן מיר (מיך)
געפורעמט מיט קאַלטקייט און רציחה —
און מיר איז גוט געווען אַזוי צו זיין נאָר ליים,
צו ליגן טויט און רואיק אויסגעמישט
מיט אַלע שטיינדעלעך און זעמדעלעך פון דער ערד
פון אייביקייט און אייביקייט אַזוי..."

אומגעפורעמטע רו איידער דעם באַשאַף און אומרו דווקא ווען דער פּראָצעס פון פורעמען איז פאַרענדיקט.

און דאָ קומט דער אַנדרייט פון דער שליחות, וואָס דער מהר"ל גיט שוין אריין זיין באַשאַפענעם ראַבאָט:

„דו וועסט באַשאַפן ניט אַזוי זיך צו לעבן,
נאָר גרויסע וווּנדער טאָן באַהאַלטן און פאַרבאָרגן,
געהיימניספולע וועלן זיין די מעשים דיינע.
ס'וועט קיינער פון דיין גבורה גאָרנישט וויסן,
אַ האָלץ־העקער, אַ וואַסער־טרעגער וועסטו זיין".

דער פּראָצעס פון נשמה־ און גוף־באַהעפט: האָלץ־האַקן, וואַסער טראָגן; פיזישע אַרבעט — און געהיימע גייסטיקע שליחות: „גרויסע וווּנדער צו טאָן".

און אַנשטאָט אַבסטראַקטע געדאַנקען וועגן וועלט־דערלייזונג: סימבאָלישע רמזים אין שלמהס מויל צו זיינע חסידים, פאַרוואָס ער מאַכט נישט קיין הבדלה, — זאָגט דער מהר"ל קלאָר און דייטלעך וועגן די אויפגאַבן פון זיין באַשאַף אין דעם דיאַלאָג צווישן דער געשטאַלט און אים:

די געשטאַלט דערזעענדיק די ליים־פיגור, פרעגט פאַרווונדערט: „אַ גולם?"

און דער מהר"ל ענטפערט: „אַ שליח פון פאָלק, אַ גרויסער גבור".
ג ע ש ט א ל ט: אַ משרת איבער וועמען צו געוועלטיקן.
מ ה ר " ל: „אַ לעבעדיקער מענטש".

און מיטן טערמין „לעבעדיקער מענטש" מיינט דער מהר"ל אונטערצו־שטרייכן, אַז דעם פּשוטן מענטשן ווערט איבערגעגעבן אויסצופירן די שלי־חות פון זיין אייגענער באַפרייאונג.

פון איין זייט איז דער גולם אַרויסגערופן געוואָרן צום לעבן דורכן מהר"ל, כדי וואָס גיכער צו ברענגען די גאולה, ווייל ביים יידישן פאָלק האַלט אין פלאַצן די געדולד, און אויב רחמנא לצלן דאָס זאָל געשען, וועט חלילה די גאַנצע וועלט חרוב ווערן, מחמת נאָר אויף יידישן אויסדויער האַלט זיך די וועלט און פון דער צווייטער זייט — איז דער גולם אַרויסגע־רופן געוואָרן צו באַפרייען די וועלט גופא, צאַלנדיק איר פאַרלויפיק מיט דער זעלבער מטבע, — מיט דעם רויען אויפגעוואַכטן כוח פון פויסט.

ער איז באַשאַפן געוואָרן, דער גולם, צו טאָן אַ טאָפּלטע שליחות: צו טראָגן וואַסער, און צו האַקן האָלץ, און מיט דער זעלבער האַק צו האַקן... קעפּ און צו טראָגן — אַ שליחות פון וועלט־דערלייזונג.

ווייל וועלט און ייד איז נישט אָפּצוטיילן. „די וועלט איז נאָר דער דורכ־גאַנג, נאָר דער פּרוזדור צו אונדז אַליין", זאָגט דער מהר"ל.

אמת, „ס'איז אפשר צו לאַנג, צו פאַרפּלאָנטערט דער דורכגאַנג, אָנגע־שטעלט מיט שפּיזן, — העק — נאָר ווער וועט גיין זיך לאָזן אָפּראַמען פון העק, אַז אויך מיט זיי וועט מוזן ווערן אָפּגעראַמט אויך אונדזער אַגריה, אונדזער רויטער טראָט". (מהר"ל).

און אין דעם סאַמע מיט פונעם העק־פאַרמעסט פון דער וואַנזיניקער מענטשהייט שטייט דאָס יידישע פאָלק אויפן פרשת דרכים, און וווהין עס זאָל נישט אָנווענדן אַ טראָט, וווהין עס זאָל זיך נישט לאָזן גיין, ווערט עס צעטראָטן און צעריבן דורך די ווילד־לויפנדיקע המונים צום גרויסן ספּעק־טאַקל פון בלוט.

און אויך דער וועג פון פויסט — העלפט נישט!

די שליחות פון גולם אויסצולייזן די וועלט פאַלט אויכעט דורך.

דער גולם איז נישט קיין קינד, געבוירן פון אַ מאַמען, וואָס האָט אים אויסגעטראָגן דורך צער און פּיין, איז אים אויך צער און פּיין פרעמד, ער איז פון ליים געבוירן און ער האָט קיין שכל נישט, — הויבט ער סוף כל סוף די האַק קענען זיין באַשאַפער אַליין, און ווען ער זאָל אים נישט געוואָרן אָנוועקשיקן באַצייטנס אין זיין רו אַריין, דער מהר"ל, וואָלט ער חרוב געמאַכט גאַנץ פּראַג...

דער מהר"ל שיקט דעם גולם צוריק צו זיין עלעמענט — אָבער נישט לייוויק.

ווען דער גולם זאָל טאַקע אויף אַז אמת צוריק פאַרוואַנדלט ווערן אין

ליים, וואָלט דער גאולה־חלום מיט אים אין דעם זעלבן ליים באַגראָבן געוואָרן.

און ער האָט דאָך אין „פינפער־טורעם" זיך געטראָפן מיט דעם בעטלער־משיח, און ער האָט עפּעס דערשפּירט צו אים אַזאַ מין נאָענטקייט, — גייט ער אוועק חלומען דעם משיח־טרוים אויפן בוידעם פון פּראַגער שול.

דער גולם האָט טאַקע די גאולה נישט געבראַכט, ער האָט אָבער אויפ־געטרייסלט די געמיטער און אָנגערעגט צו נייע טאַטן און צו נייע חלומות. דער האַפנונגסלאָזער תנחום איז נאָר אַן עפּיזאָד אין דער דראַמע, ווייל דער גולם חלומט ווייטער דעם גאולה־חלום, און תנחום בלייבט מיט זיינע צווייפלען, יאוש און אייביקע פּראַגן.

די טראַגיק באַשטייט אָבער אין דעם וואָס דער וועג פון באַפרייאונג איז דורך פּיין און בלוט.

און פּיין און עקדה זענען טאַקע די הויפּט־מאָטיוון אין לייוויקס גאולה־דראַמעס.

עקספּערימענטן פון איין רעוואָלוציע פאַלן דורך, קומען נייע סאָ־ציאַלע נביאים און נעמען די באַפלעקטע פאָן פון רעוואָלוציאָנערן חלום און טראָגן זי ווייטער.

יאָסעלע, חלומענדיק אויפן בוידעם, אין תפיסה, אין אונטערערד, נעמט אַריין אין זיך די אַספּיראַציעס און ליידן פון פאָלק און קומט אין זיין נייער אינקאַרנאַציע צוזאַמען מיט די נייע משיחים דעם חלום אַנצוטאָן אין וואָר.

אין זיין בוך „די פאַרשווערונג פון די גלייכע" (אָדער ווי עס איז איבערזעצט אין אַנדערע שפּראַכן א. נ. „באַבעף") ברענגט אַרויס דער אין פּלוג פּאַמפלעטישער און בייסיקער, אָבער אין תוך טיפער און יידי־שער שרייבער איליאַ ערנבורג, די קוהלתדיקע רעזיגנאַציע־מחשבותן זיי־נע וועגן דעם גורל פון דער מענטשהייט, אַז אַלץ פאַרגייט, נאָר איינס איז אייביק: דער תליון און זיין קרבן: דער תליון האָט ערלעך געדינט אַלע־מען, זאָגט ערנבורג, — דעם קעניג, העבערטן, דאַנטאָנען, ראָבעספּיערן — און ער איז איינער לעבן געבליבן. ער איז אַלעמען געווען נויטיק: ער האָט דאָך נישט געהאַלטן קיין פלאַמענדע רעדעס, נישט אויסגעטראַכט קיין נייע געזעצן... ניין, ער האָט נאָר מיט התמדה געשניטן די קעפּ..."

נאָר איידער די גילאָטינע־האַק לאָזט זיך אַראָפּ איבערן קאָפּ פון דעם לעצטן העלד פון דער רעוואָלוציע, באַבעפן, לאָזט איליאַ ערענבורג אים אַרויסזאָגן דעם דאָזיקן אמת:

„די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז נאָר די אָנזאָגערין פון אַ צווייטער רעוואָלוציע, אַ מער גרויסער און אַ מער פייערלעכער! זיי וועלן פאַר־

שווינדן — די צוימען, פּלויטן, ווענט, טורמעס, פאַרברעכנס, תליות, קנאה און גיריקייט.", — פאַרענדיקט מיט סאָציאַלן פּאַטאָס ערענבורג.

דער טויט פון דעם יחיד, זיינע ליידן פאַרן קאָלעקטיוו, — איז דער פּרייז וואָס די פריהייט־אידייע צאָלט פאַר דעם אַפּראַמען פון וועג פון דער גאולה די צוימען און פּלויטן, די ווענט פון קנאה און גיריקיים.

דער געפייניקטער אידיוויד ברענגט זיך אַ קרבן פאַרן גואל, וואָס דאַרף קומען אויסלייזן אַלעמען פון פּיין.

ארמילוס, דער נביא פון „אייביקן היינט", אין דער גאולה־קאָמע־דיע, ווענדט זיך צום אויפגעבראַכטן המון אויף זיינע משיחים:

„ניט אַפּקילן וויל איך אייער צאָרן, ברידער,
נאָר היטן, פאַרהיטן. די שטראָף די גערעכטע
זאָל קומען דורך ריינעם באַוווסטזיין.
די צייטן פון צופאַל פאַרגייען אויף אייביק.
עס קומען די צייטן פון קלאָרן סך־הכל,
און גליק וועט קומען אין פּיין פון אחריות,
דורך ווייען פון גוואַלד און דורך ווייי פון הפקרות,
דורך אייך און דורך אייערע צערפּולע הערצער,
דורך אייערע ליידן ברידער..."

(דראַמאַטישע פּאָעמעס, ז' 281)

דער וועג פון נעכטן — צום מאָרגן.

אין נתן ביסטריצקים „רוים און ירושלים", קומט פאָר אַזאַ דיאַלאָג צווישן יוסף בן מתתיהו און יוחנן בן זכאי:

י. ב. מתתיהו וואָרנט יוחנן בן זכאי וועגן דער געפאַר ווען ירושלים זאָל נישט מאַכן שלום מיט רוים.

דער שלום, זאָגט ער, מוז קומען, כדי „די קומענדיקע דורות זאָל נישט זאָגן: געוועזן אַ גרויסע שעה ביי יידן און דער רבן של ישראל, דער עמוד הימיני, דער פּטיש החזק האָט זי פאַרזאַמט."

און יוחנן בן זכאי ענטפערט:

„יעדע שעה, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, אין זכות פון דער תורה, איז געוועזן ווי אַ גרויסע שעה... איצט ווען אַ שעה איז געקומען אויף דער וועלט, וואָס מאַכט אַלץ חרוב, זאָל איך ניט טאָן אַלץ כדי צו ראַטן ד׳ י, אין וועמענס זכות יעדע שעה איז געקומען פאַר מיר אַ גרויסע שעה... און די קומענדיקע דורות, וואָס דו דערמאָנסט, זון... ווער עס רעדט וועגן די קומענדיקע דורות, איז עס מער ניט ווי אַ פראַזע. יעדער מענטש איז מחויב צו טאָן, וואָס ער קען, ווען פון דעם ארויסקומען עפּעס אַ רעטונג...

א ברעקל רעטונג ווי א כזית... אויך פאר די דאזיקע קומענדיקע דורות, וועגן וועלכע דו רעדסט, זון..."

אין דער דאזיקער רעפליק איז דא דער תמצית פון יעדער גרויסער מענטשלעכער טאט, וואס גייט איבער צו די דור׳ות.

אין די צווישנצייט קאמפן — צווישן עבר און עתיד — ווערט דער סדר פון די פאסירונגען נישט איבערגעריסן. „און דער וואס קאן נישט דעם סדר באווונדערן, און בייגט נישט דעם קאפ איין — אז וויי איז צו אים",— זאגט ארמילוס, דער נביא פון אייביקן היינט.

און דעם טיפן, טראגישן זין פון אונדזער זיין, פון אונדזער קיום אין גאנג פון דער געשיכטע, דריקט אוים לייוויק אין אט דעם סטראף:

„די וועלט נעמט מיך ארום מיט שטעכיקע הענט,
און טראגט מיך צום פייער, און טראגט מיך צום שייטער;
איך ברען און איך ברען, און איך ווער ניט פארברענט, —
איך הייב זיך אויף ווידער און שפאן אוועק ווייטער..."

און „דאס מעשהלע גייט ווייטער", ווי יאסעלע־גולם זאגט „מיט א קול פון פרייד און געוויין":

„א זעאונג פון א זעאונג,
א חלום פון א חלום,
וואס וועקט אונדז אלע אויף;
א חלום פון א גוף,
וואס גייט פון מיר אוועק..."

און ווידער ווערט פונעם גוף — גייסט, זעאונג, חלום, גאולה־חלום. און דאס מעשהלע גייט ווייטער: „דאס מעשהלע פון ליבשאפט, וואס איז געווארן בלוט, דאס מעשהלע פון בלוט, וואס איז געווארן וויין."

דער גאולה־וויין, וואס דאס פאלק טרינקט; דאס ניכטערע, פשוטע פאלק, וואס שיכורט זיך אן מיט אים און קאן אין שכרות ווידער חלומען דעם גרויסן חלום פון אויסלייזונג.

דאס איז דער לײדנס־מאטיוו לייוויקס פון יחיד און כלל, וואס ער גע־פינט אין דער יידישער געשיכטע — אינעם נעכטן ווי אין דעם היינט, — די לייטערניש־ליידן דורך וועלכע עס וועט אויפשיינען דאס ליכט פון דער אמתער וועלט־גאולה פון מארגן.

ח.

## דער משיח־מאָטיוו

דער משיח־מאָטיוו ביי לייוויקן שפּאַרט זיך אַן אי אין דער טראַ־דיציאָנעלער דערלייזונגס־אידייע פון דער יידישער געשיכטע, אי אין דעם גאולה־זוכערישן מאָמענט פון זיין עפּאָכע.

אין דער יידישער געשיכטע גייט דורך דער גלויבן אין אַ גואל־צדק אין פאַרבינדונג מיט יידישע ליידן. די באַזונדערע געשיכטלעכע תנאים פונעם יידישן לעבן האָבן גורם געווען און אַרויסגערופן די גאולה־בענק־שאַפט, די משיח־האָפענונג.

די האָפענונג אויף דער לעתיד־לבוא געזעלשאַפט, וואָס וועט גע־בויט זיין אויף מדת הרחמים, ווי דער ייד האָט זי געזען אין זיין חלום, איז געווען דער כוח, וואָס האָט דעם יידן אַנגעהאַלטן אין דעם וועלט־סדר, וואָס איר פונדאַמענט איז: מידת הדין.

עס איז געווען אַן אילוזאָרישע בענקשאַפט, אַן אַבסטראַקטע אידייע, וואָס האָט זיך כמעט ווי נישט געבונדן מיט דעם יידנס טאָגטעגלעכער אויס־קומעניש. דער ייד האָט געלעבט אין אַ דואַליסטישער וועלט: פון איין זייט — האַנדל־וואַנדל און געיעג נאָך ברויט, און פון דער צווייטער זייט — האָט ער אין די פרייע מינוטן געלעבט במחשבה אין דער צוקונפטיקער אויסגע־לייזטער וועלט, וואָס וועט רוען אויף גערעכטיקייט־יסודות פאַר אַלע מענטשן.

אפילו דער שיבת־ציון־מאָטיוו, וועלכן דער ייד האָט יעדן טאָג בכוונה אַריינגענומען אין זיין תפילה, איז נישט נאָר געווען אַ קאָנקרעטער באַ־גריף פאַרבונדן מיט ארץ ישראל ווי אַ לאַנד, נאָר עס איז געווען אויך אַ מין אָנונג פון אַ וועלט־אויפריכטונג, פון אַ וועלט־באַפרייאונג, וואָס וועט קומען דורך דעם יידישן משיח.

דער משיח־אידעאַל איז ביי יידן געווען אוניווערסאַל־היסטאָריש, אַ מין אויסלייז־בילד פון דער וועלט: די נאַציאָנאַלע דערלייזונג און די סאָ־ציאַלע אויפריכטונג זענען ביים יידן געווען נישט אָפּצוטיילן, און אין דעם איז אפשר די יידישע געשיכטע אַזאַ ריינדיקער און טראַגיש־דראַמאַטישער טייל פון דער וועלט־געשיכטע.

אונדזערע נביאים האָבן די דאָזיקע וועלט־דערלייזערישע אידייע גע־פּרעדיקט און זי איבערגעלאָזט ווי זייער גייסטיקע ירושה אין דער יידישער געשיכטע, און די כלערליי סאָציאַלע נביאים פון דער גאַרער מענטשהייט האָבן די דאָזיקע אידייען נאָכדעם פאַראייגנט און זי ווייטער געטראָגן אין דער גייסטיקער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

די יידן האָבן אַזוי לאַנג אויסגעאיידלט און פאַרשפּיצט זייער גאולה־בענקשאַפט, אַז זיי האָבן זיך דערטראַכט צו דעם „גר זאב וכבש"־חלום.

נישט נאָר וועט מענטש זיין ווי אַ לעמעלע אין דער לעתיד־לבוא גע־זעלשאַפט, נאָר חיה וועט זיין פאַרמענטשלעכט, לעמפּערט און לאָם וועלן לעבן בשלום.

עס וועט אָפּגעוואַשן ווערן פון דעם פּנים פון דער ערד אַלע בלוט־פלעקן און עס וועט אָפּגעווישט ווערן פון דעם פּנים פון דעם מענטשן דער טרויער און צער.

משיח — איז דער איבערנאַטירלעכער נס, וואָס וועט דאַרפן ווי אַראָפּ־פאַלן פון הימל.

ווען זשע אָבער וועט אָט דער נס געשען? ווען די וועלט וועט זיין אָדער כולו־זכאי, אָדער כולו־חיב.

איז — דאַרף דער מענטש פריער אַדורכגיין אַלע שבע־מדורי גיהנום; אַלע „פינפער־טורעמס" פון פּורעניותן און ענוים קשים. ער דאַרף אין די משיח־טעג פאַרזוכן פון אַלע גרויל און שוידערלעכקייטן: ער דאַרף טועם זיין פון אַלע מיתי־משונות; עס דאַרפן פאָרקומען מלחמות, עפּידעמיעס, הונגער און אויסראָטונג, און ווען דער מענטש וועט אָט די אַלע תהומען איבערשפּאַנען און ער וועט אַרויסגיין אַ געליטערטער, וועט זיך דערהערן פון הינטער הרי־חושך דער שופר של משיח, און עס וועט רעאַליזירט ווערן דער שענסטער חלום פון דעם מענטשן: שיינקייט, גוטסקייט און גערעכ־טיקייט וועלן הערשן אויף דער וועלט.

דאָס איז דער מעטאַפיזיש־אידעאַליסטישער וועלט באַנעם, ווען ריינע גייסטיקייט ווערט אָפּגעריסן פון לעבן און לעבט אויף איר אייגענעם חשבון, נישט אוניפיצירט מיט דער וואָר. דאָס וואָס מע האָט נישט געקאָנט דער־גרייכן שוין, אויפן אָרט, אין דעם היינט פון דער גראָער ווירקלעכקייט, האָט מען אויסגעחלומט, אַז ס'וועט מוזן געשען, מאָרגן אָדער איבער־מאָרגן.

דער גלויבן אין אַ גערעכטער וועלט פון מאָרגן האָט דעם יידן איינגע־שפּריצט אימוניטעט קעגן אַלע רשעותן פון דער אַרומיקער וועלט פון היינט און אים אויפגעהאַלטן אויף אַ גייסטיקער הויך, וואָס האָט אים קיינמאָל

נישט געלאָזט אַראָפּזינקען אין די אָפּגרונטן פון טומאה און לעבנס־תאוות.

שלמה אבן גבירול, האָט אין אָנהייב פון עלפטן יאָרהונדערט אויסגע־דריקט די משיח בענקשאַפט און די משיח געשטאַלט דורך אַט די עקזאַל־טירטע פערזן:

„האַלב נאַכט פון פינצטערן גלות
יאָגט מיך, איך זון, אויסצוראָטן;
נאַכרעם ווי דער וואלד־חזיר, אדום,
האָט מיט די פיס מיך צעטראָטן.

ווען וועט שוין קומען דערלייזונג —
קיינער נישט קען דאָס מיר זאָגן.
ס׳האַרץ גייט אַריבער פון ווייטיק,
טריב און פאַרשעמט און באַטראָגן."

— — — — — — — — — — — —

„קום צו מיר מיטן פרימאָרגן —
נעם מיך און פיר מיך ביים האַנט.
לעבצנדיק גאַרט מיין נשמה
זען שוין מיין מוטער־לאַנד.

וועל אין מיין פּאַלאַץ דיר שפרייטן
גאָלדענע בעטן, פלאַם־רויט.
וועל דאָרט אַ טיש פאַר דיר גרייטן,
וועל פאַר דיר שטעלן ברויט...

— — — — — — — — — — — —

**אַט אַזוי וויל איך זיך פרייען,**
לויבן דיין נאָמען, וואָס גרויס —
פריידיק אין פרייד פון משיח,
פרינץ פון דודס הויז."

(י. י. שוואַרצס איבערזעצונג)

די האַלב־נאַכט פון גלות האָט ווי דורך וואָלקנס נעוויזן דעם דאָזיק משיחישן פרינץ, אויף וועלכן מע קאָן אַזוי עקזאַלטירט וואַרטן און פיבערן.

יעדע האַלבע און גאַנצע נאַכט פון דעם יידישן גלות־לעבן, האָט אַרויס־געשטראַלט איר נייעם משיח, און יעדער יידישער וואַנדער־וועג האָט זיך

געצויגן אהינצו פון וואנען עס האט זיך גערוכט, אז אט קומט ער, דער גואל־צדק.

נישט אומזיסט האט דער גרויסער מנהיג פון זיין פאלק, בעת דער טראגעדיע פון גירוש שפאניע, דאן איסאק אברבנאל, אויסגערעכנט מיט אלע פינקטלעכקייטן, ווען אקוראט וועט משיח קומען (אין די יארן רס"ג, אדער רצ"א, — 1503, אדער 1531). 8)

באגלייך מיטן גירוש, מיט דער ביטערער גזירה, איז שוין אין דער פאנטאזיע פון דעם גרויסן יידישן פירער, אברבנאל, געבוירן געווארן דער דערלייזער, — א־נישט, ווער ווייסט צי מע וואלט געקאנט גאר איבער־טראגן דעם גרויסן בראך; פונקט ווי אין דער לעגענדע, אז ווען דער בית המקדש איז געווארן חרוב, איז געבוירן געווארן משיח, — יערנפאלס דער משיח־חלום.

און ווייל משיח איז נאך נישט געקומען און ער איז נאך א נישט־דער־גרייכבארער טרוים, — האט עס די יידן אנגעהאלטן אין א מין עקזאלטיר־טער, שפאנענדיקער בענקשאפט נאך גאולה. ווי לייוויק שילדערט דעם סאַ־מע באגינען פון דער סאציאלער רעוואלוציע איידער זי האט נאך אנגענומען רעאלע פארמען, בעת זי איז נאך געווען גאולה־בענקשאפט, — איז נאך דעמלט געווען ביי די טרוימער פון דעם נייעם מארגן: גאנצקייט, אידעאליזם, מסירות־נפש און הייליקער גלויבן.

און אזוי גיך אבער ווי עס האבן זיך נאר אנגעהויבן באווייזן די ערשטע אויפשפראצונגען אויף דעם בוים פון דער גאולה, און מע האט זיך גענו־מען צו פארזוכן די פירות, האט מען שוין זיך פארוואכיקט: מע האט שוין פארלוירן די העכערע מאס פון עטישער בענקשאפט, און עס איז אריינגע־טראגן געווארן צערודערונג און ריסן אין דער מחנה טרוימער אליין.

אין דער אמתן איז דער נישט־יידישער „משיח" אויך א גואל־צדק, ער וויל אויך איינשטעלן אויף דער וועלט גערעכטיקייט און גלייכהייט; ער וויל אויך אויסלייזן דעם מענטשן פון זיין געפאלנקייט און זינד, נישט מער, וואס ביי דער קריסטלעכער וועלט איז שוין דער משיחיזם אין געשטאלט פון „כריסטאס". 9)

א מקוים־געווארענער טרוים.

---

8) זע אברבנאלס שריפטן: „משמיע ישועה", „ישועת משיחו" און „מעיני ישועה".

9) כריסטאס, אגב, מיינט אין גריכיש: משיח.

„יעזוס איז געווען חלום, ליבע, וויי,
געווען לעבן אַן גוף, נאָר לעבן!"

שרייבט דער פּאָרטוגעזיש־מיסטישער פּאָעט טעסקעירא דע פּאַסקאַ־ענס.

א י י ד ע ר ער איז געקומען, יעזוס, איז ער געווען כולו־רוחניות.

נאָר אַזוי גיך ווי ער איז געקומען, — דוכט זיך אַ באַפרייטער פון קרייץ און געבראַכט מיט זיך פולע הויפנס רחמים צו זיינע קינדער און מחי־לה פאַר זייערע זינד, — איז ער באַלד פראַפאַנירט געוואָרן אין אַן לעבנלאַ־זער איקאָנע. און ער קאָן זיך אַליין שוין נישט באַפרייען פון דער קלויס־טער־תפיסה, ווי פראַמעטעי פון דעם פעלדז.

ער איז אַרומגעוואַקסן מיט אַ קאָרע־הויט פון צביעות און ליגנערישקייט און די ווונדן באַפּעצט מיט בוימל פון חניפה — אַ צעקריפּלטע גאולה־גע־שטאַלט מיט אַ דערנער־סצעפּטער.

און דער זעלביקער פּאָרטוגעזישער דיכטער דעפינירט דעם א ר י ע־ר י ז ם און סעמיטיזם:

„דער א ר י ע ר האָט באַשאַפן די גריכישע ציוויליזאַציע, דעם קולט פון פאָרם, די פּלאַסטישע האַרמאָניע, דעם פּאַגאַניזם; דער ס ע מ י ט האָט באַשאַפן די י י ד י ש ע ציוויליזאַציע, דעם אַלטן טעסטאַמענט, דעם קולט פון גייסט, די געטלעכע איינהייט, דעם קריסטנטום, וואָס איז די העכסטע אַפירמאַציע פון דעם גייסטיקן לעבן".

ס'דערשיינט דאָ דער קריסטנטום, אַלזאָ, ווי אַ פּאַרזעצונג פון יידנ־טום אין איר העכערער גאולה־אידיי; דאָס אַלץ אָבער פ אַ ר יעזוסעס קו־מען צוריק אויף דער ערד... ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן אין געשטאַלט פון אַ דערלייזער, איז שוין צערונען געוואָרן, ווי טומאַן, דער שיינער דערליי־זונגס־חלום.

און אַט ווי טאַדעאוש אין „גולם" גיט איבער אויף זיין קלויסטערדיקן אופן די יידן־„שייכות" צו קריסטוסן, און די אמתע באַציאונגען פון די קריסטן צו די יידן:

„... און דאָ אין ווינקל, זעסטו, נאָך הענגען קייטלעך
פון הייליקע לאַמפּאַדעס, דורך דער שיין פון זיי
אַרויסגעקוקט מיט ליבשאַפט האָבן זיינע אויגן,
געווייט מיט טרויער האָט זיין דאָרן־קראַנץ,
וואָס זיי, די ניט־געצלמטע, די שווייגנדיקע,
אַרויפגעשטאָכן האָבן אויף זיין שטערן;
צענישט איז אַלץ געוואָרן, ע ר — פאַרטריבן,

דאס בוימל אויסגעלאשן, נאר די קיטלער באמבלען זיך
צום חוזק נאר... און — טארבעס, טארבעס!..."

און דעריבער איז דער צארן פון די טאדעאושעס אזוי גרויס צו די „ניט געצלמטע" נאכדעם, ווען פון דעם משיחישן קריסטוס זענען געבליבן „באמבלענדיקע קיטלעך צום חוזק נאר", — און זוכנדיק שולדיקע — זענען עס די „יידישע בעטלער", די הארטע, פארביסענע, מיט „פארשטייפטע ליפן", וואס צעשטערן דעם גויאישן חלום וועגן רו — מיט זייער גארנישט זאגן, מיט זייער עקשנות.

די טאדעאושעס, וואס האדעווען אזא ביטערן צארן און האס צו די נישט־געצלמטע פון קריסטוסעס ראסע, אין נאמען טאקע פון דעם אויף אן אמת־ליידנדיקן קריסטוס, — רעדן אט דעם באקאנטן לשון:

„... צי האבן מיר אייך ווייניק דען געפייניקט,
געברענט, גערודפט און געפירט אייך צו דער שחיטה?
מיר זענען מיד שוין לאנג פון אונדזער האס צו אייך,
פון אונדזער פלאמיקער רציחה; און וואס מער
אירווארפט זיך אין די אויגן אונדז מיט אייער הארטקייט,
מיט אייערע פארביסענע, פארשטייפטע ליפן,
אלץ מער צעשטערט איר אונדזער חלום וועגן רו,
אלץ מער צעפלאקערט איר אין אונדז דעם האס..."

דער „משיח" וואס האט די גאולה נישט געבראכט, האט אנשטאט ליבשאפט פארזייט האס און צארן:

„... איר ליגט אויף אונדזער קאפ, אויף אונדזערע געוויסנס", טענהט טאדעאוש צו די בעטלער פון „פינפער טורעם", און ביז מע וועט זיך פון אט די שלעפער נישט באפרייען, ווארנט ער, טאדעאוש, אין נאמען פון די טרעגער פון קריסטוסעס לערע:

„... מיר האבן אייך גערודפט: ווייניק נאך — מיר וועלן מער!
מיר וועלן אונדזער בענקעניש נאך רו און פרידן,
נאך גוטס און ליבשאפט שטילן נאר אין אייער בלוט,
אין טאנץ ארום דעם פלאם פון שייטערהויפנס..."

וואס פון דער קריסטלעכער משיחיות איז געווארן! — פון דעם עוואנגעליום, וואס איז געווען א פארזעצונג פון די אלטע יידישע נבואה־שריפטן.

פון דעם מלכות משיח — איז געווארן דער מלכות שמים: דארטן — אין די הימלען, וועט קומען גערעכטיקייט, — דא אויף דער ערד קאן

מען דערוויִיל אין נאָמען פון „ישו המשיח" מאָרדן און רודפן און טאַנצן אַרום די שייטערהויפנס.

דאָס איז די קריסטלעכע משיח־אידייע, וואָס האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַ פּינצטערער רעאַליטעט, — אַ ווירקלעכקייט, וואָס איז אים אַליין, יעזוסן, דערווידער, און ער וואָלט זיך אַזוי וועלן באַפרייען פון דעם אַרומגעוועבטן לינן און צביעות אַרום אים.

און אַזוי טאַקע שילדערט אים לייוויק אין זיין פּאָעמע „ער":

„מיט אַלעם פּאַרטיקן האָבן זיי מיך באַזאָרגט, —
איז דען נישט מאַנגל מיין אמתער טרוים?
טעמפּלען האָבן זיי אויסגעבויט פאַר מיר, —
איז דען נישט דער קעלער מיין אמתע היים?
מיין שטערן האָבן זיי מיט דימענטן באַצירט, —
איז דען נישט דער דאָרן מיין אמתער לוין?..."

(„ער")

אַ משיח — אַ יורד איז עס, וואָס בענקט אַ ל י י ן נאָך דעם גאולה־טרוים; נאָכן טרוים וואָס איז געוועזן די בענקשאַפט נאָך א י ם. ע ר זאָל קומען דערלייזן די וועלט...

יעזוס איז דאָ ביי לייוויקן אַ מין אָפּגעשפּאָלטענע געשטאַלט פונעם גולם, וואָס גייט אַוועק חלומען אויפן בוידעם, נאָכדעם ווי ער האָט זיי ערשטע שליחות אויסגעפירט, נאָך דעם ווי דער באַשאַפער זיינער, דער מהר"ל ברענגט אים אום, מחמת ער האָט שוין באַוויזן צו פאַראייניקן אין זי מאַטעריע מיט גייסט און מורד זיין קעגן באַשאַפער אַליין. און נאָך מער איז יעזוס אויפגעבראַכט אויף דער ליגנערישקייט, מיט וועלכע מע האָט אַרומגעקראַנצט זיין נאָמען ווי מיט אַ קרוין: די לעגענדע פון זיין מוטער — דער יונגפרוי, וואָס האָט אים געבוירן פון רוח הקודש. ער דערציילט פאַרן פּאָעט, יעזוס, ווי ער שלאָגט אָפּ די שוועל פון זיין מוטער, און ער בעט זיך ביי איר:

„אויף אַלע גאַסן גיי אַרויס און זיי זיך מודה,
דערצייל פון אַלע ניין חדשים טראָגן,
פון אַלע ווייען און יסורים ביים געבוירן,
דערמאָן מיין ערשטן אויסגעשריי און ערשטע זויג־טעג,
און ווי דו האָסט דערצויגן מיך און אויסגעהאָדעוועט..."

און ז י, — זי ענטפערט גאָרנישט.

„ביידע הענט פאַרצלמט אויפן ברוסט,
די אויגן צו דער הויך פאַרריסן פרום,
און שמייכלט זיך איר רואיקן מאַראַנע־שמייכל..."

דאָס איז דער רוי‏איקער מאַראַנע־שמייכל, וואָס רעגט דעם זון צו מוטער־מאָרד, ווייל ער קאָן נישט פאַרליידן דעם ליגן און פאַלשקייט, וואָס מענטשן האָבן אפילו אין שייכות צו גאָט.

עס איז בעסער פאַר דעם עתיד צו אויסהאָדעווען האָפענונגען ווי פאַר דעם עבר דערמאָנונגען: דער ביאת־משיח־חלום איז נאָך נישט רעאַליזירט, און כל זמן ער איז נאָך נישט אַנגעטאָן אין בלוט און אין פלייש, קאָן מען מיט אים לעבן פּלאַטאָניש, קאָן מען אים צערטלען במחשבה און אים אויסמאָלן ווי מע וויל. 10)

יידן האָבן אין לויף פון זייער לעבן מיט די אַרומיקע פעלקער אויס־געאַרבעט אין זיך עטישע באַגריפן לגבי זייערע מיטמענטשן צוליב די העכערע פּרינציפּן, וואָס שטאַמען פון זייער אַלטער רעליגיע.

דער שפיכת־דמים פאַרבאָט איז אַריין אין זייער בלוט, ווייל זיי אַליין איז באַשערט געוווען דער „בדמיך־חיי"־גורל.

די באַזונדערע לאַגע פון דעם יידן, די רעכטלאָזיקייט זיינע צווישן גויים, האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ גרעסערע אחריות פאַרן כלל, אויס־געאַרבעט אין אים אַ געפיל פון רחמים און פאַרשטענדעניש פאַרן מיט־מענטשן.

און ווייל דער ייד האָט נישט געקאָנט אין לעבן אַנווענדן די „עין־תחת־עין־פאָרמולע, „אויפצומאָנען צאָן פאַר צאָן און אויג פאַר אויג און קאָפּ פאַר קאָפּ", — האָט ער געלעבט מיט די עטישע באַגריפן פון סליחה און מחילה און מיט דער האָפענונג, אַז יושר און רעכט וועלן סוף כל סוף זיגן אויף דער ערד:

„כאָטש מיין האַרץ איז פול מיט פאַרגעפּילן פון פאַרגיין,
דאָך מיט מער עקשנות אינעם שיין פון חורבן־צונגען,
הייס איך, אַז דאָס ליד זאָל ווערן פון דאָסניי געזונגען
אין דער טיף פון היילן — הימן צו דעם אונטערגאַנג אַליין."
(„סאָנעטן־רינג")

זינגען פון דאָס ניי, ווען אפילו אומקום דראָט.

בטחון און גלויבן אין אַ וועלט־דערלייזונג, נישט געקוקט אויף די אומקום־סכנות, וואָס לויערן פון אַלע וועגן און שטעגן אויף יידישן לעבן.

---

10) בשעת דער שבתי צבי־באַוועגונג, האָבן אויך קריסטלעכע אַפּאָ־קאַליפּטיקער פאַרשפּרייט די נבואה, אַז קריסטוס דאַרף ווידער קומען און אויך די אַדוועטניסטן גלייבן אין דעם נאָך עד היום.

אַז דעם גלויבן אין אַ משיח, וואָס זאָל סוף כּל סוף קומען און אויס־לייזן די וועלט פון רשעות און אומרעכט, וואָלט נישט געווען מעגלעך פאַרן יידן צו אַנהאַלטן זיין קיום.

און עס האָבן אַ זין אַלע קאַמפן און ראַנגלענישן נאָר דעמלט, ווען זיי זאָלן אַמאָל אַ תיקון באַקומען; ווען עס זאָלן רעאַליזירט ווערן די חלו־מות פון אַ שענערער וועלט. און דאָס איז אויך אַ טראַגישער אָפּטימיזם אַזאַ, פּונקט ווי דער וואָס ליוויק האָט אַרויסגעטראָגן פון דעם לאַנד פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וווהין ער איז געקומען נאָך לאַנגע יאָרן פון מאַטערנדיקער אָפּוועזנהייט:

„אונדזער פרייד, די ברעמען צו פאַרמאַכן,
שפּילט פאַר זיך אַליין אַזאַ מין ניגון,
וואָס עס שפּילט דער ווינט אויף רוסלאַנדס שליאַכן
אַ פאַרהוליעטער בעריאָזע צו פאַרוויגן".

און צו דעם פּייזאַזש רוסישן ווענדעט זיך דער דיכטער:

„רוסלאַנדס שליאַכן — אויסגעבלייכטע פּידלען —
פּיסלער קינדישע — צו אייך זיך טוליען;
רו פאַר העק, פאַר רעדער און פאַר רידלען,
ביז די פּיסלעך וועלן ווידער אויפשטיין הוליען..."
(פון ציקל „היים סאָוויעטישע")

עס איז געווען די שעה פון סאַמע מאַלציים פון דער רוסישער גאולה צו וועלכן דער דיכטער איז געקומען ווי אַ ווייטער, פרעמדער אורח, און ער פילט זיך היפּשלעך נישט באַקוועם.

„נישט שיין איז אפשר קומען אויף אַ גרייטן מאַלציים,
נאָך מיאוסער ניט אַנרירן געבענטשטן ווייַן;
און אויב איך קען ניט ווי אַ מחותן שטאָלץ זיין, —
צווישן דיין קאַפּעליע זאָל איך ברחן זיין."

ער געפינט די גאולה פון דער היים סאָוויעטישער ווי אַ „געזעטיקטע בענקשאַפט", אין נביא ארמילוסעס טייטש, און ער טרינקט זיך אָן מיט: טראַגישן אָפּטימיזם פון דער וועלט־דערלייזונג ווי דאָס פאָלק אין דער „גאולה־קאָמעדיע":

„ווי אונטערגאַנג־זון — גאולה־ווייַן, —
ער גייט אין בלוט אַריין".

ער בענטשט פאַר התפעלות די געקומענע גאולה:
„אויף די שליאַכן יערעס זעמדל, שטיינדל,
וואָס איך ריר אָן מיט מיין אורחדיקער פוס,
זאָל געבענטשט זיין, ווי אַן עופהלעס אַ ציינדל
אַן אריינגעביסן אין דער מאַמעס ברוסט".
(שווייגנדיקע לידער)

און מיט איין טראַט נאָר אַפגעטראַטן פון אים, פון דעם רייף־ווערנדיקן גאולה־חלום, און באַטראַכטנדיק אים מיט אַ קריטישן אויג, — איז שוין
„נעכטן — אַ באַשערטער,
און היינט אַ פאַרשפּאַטענער."

ווי באַלד נאָר דער אַבסטראַקטער חלום איז געוואָרן רעאַליטעט, און דער טרוים האָט זיך אַנגעקליידט אין וואַכעדיקע קליידער, — „איז ער געוואָרן אַ חונף און לויב־זינגער צום מערדערס שווערד".

דער דיכטער — דער ריינער חנינה־חלומער, קערט זיך אַפּ פון דעם פּאַראַמווירדיקטן וועג פון דער גאולה, און ער לאָזט זיך פּאַזע דעם ברייטן שליאַך פון דער וועלט ווידער צו חלומען און אויסחלומען זיין נייע גאולה־געשטאַלט, און זעט —
„זיי רופן אים [11]) אַן פאַררעטער,
און נעמען זייערע זין, און גייען אַוועק
אין פּאַרק אריין, וואו פּאַלנדיקע בלעטער
דער אַסיענדיקער שומר קלייבט אַן פולע זעק..."
און —
„עס הוליען מענטשן, עס וויינען געטער,
און פליגלען טראַגן בשורות פון קריג, —
זון מיינע, זון מיינע, דיין טאַטע דער פאַררעטער
טראַגט אַלעמען אַנטקעגן דיין פוסטע וויג"
(„פאַררעטער")

די פוסטע וויג פון דעם זון, וואָס איז אין אַנטשיידענעם קריג אַוועק־געגאַנגען, אויסצולייזן די וועלט פונסניי, כאָטש זי איז שוין אַזויפיל מאָל פּאַלש אויסגעלייזט געוואָרן דורך אַלערליי פּסעוודאָ־משיחים.

און דער „פאַררעטער" פון דער גאולה פון נעכטן, שיקט זיין זון צו ברענגען די גאולה פון מאָרגן, און נישט נאָר ווייל ס'איז דער אמת

---

11) אין אָריגינאַל שטייט „מיך".

פון דער צייט, זינגט ער אזוי, דער דיכטער, נאָר ווייל אזוי איז אויך דער פּשוטער אמת פון לעבן:

„עס קומט — דער קריג דער נייער:
דניאל, מיין זון, גרייט אָן
דיין גוף פאַר קאַנאָנען־פייער,
ווייל עס שטייט און וואַרט דער קאַנאָן.", —

ס'איז די טראַגיק פון גאולה, און דער טראַגישער אפּטימיזם, וואָס נעסטן אין דיכטערס האַרץ, און לאָזן אים נישט רוען אַ רגע, אַז ער זאָל זיך נישט גרייטן פאַר אַ קרבן־עולה.

און צום זון זיינעם זאָגט ער (נישט אין דיכטערישן טרוים, נאָר אויף דער וואָר):

„ביסטו דאָך אַ יחסן אוודאי,
ביסט יאָרן שוין אַבצן פון וויג!
קאָנסט שוין פירן אַ גאַנצע בריגאַדע
און פאַלן דער ערשטער אין קריג."

(1934)

דאָס איז די גאולה־טראַגיק פון דער עפּאָכע, ווען טאַטע שיקט זיין אייגענעם זון צו דער עקדה אין נאָמען פון אַ וועלט־דערלייזערישער אידייע: און איצטערטאָ — שיקט דער דיכטער אַליין זיין זון אויף דער מלחמה, ווי ער וואָלט אים פירן צום מזבח פון דער גאולה; פון בייזן חלום איז געוואָרן בייזע וואָר:

„דניאל, דער קריג איז געקומען,
אזוי ווי כ'האָב אַמאָל געאַנט, —
דו ווערסט היינט צום קריג גענומען,
איך פיר דיך צו דעם ביי דער האַנט."

און ער פילט זיך ווי שולדיק, דער פּאָעט, וואָס דער זון גייט אוועק אין גרויסן, הייליקן שלאַכט, און ער, דער פאָטער, בלייבט:

„איך קויף זיך נישט אויס מיט גאָרנישט,
וואָס ד ו גייסט אוועק און איך בלייב,
ס'פאַרקלענערט מיין שולד אויף אַ האָר ניט
מיין צער פאַר געקרבנטן לייב..."

און ווי נישט געענדערט איז דער משיח־מאָטיוו אין דער יידישער געשיכטע פון די עלטסטע צייטן ביז אונדזערע טעג; און ווי פאַרקניפּט

און פאַרבונדן ער איז אין אַלע לייוויקס שאַפונגען מיט די דערלייזערישע אידייען פון אונדזער עפּאָכע:

„צווישן יצחק און דיר — קיין מהלך,
דער מזבח אויפן זעלביקן אָרט, —
און זאָל אויך דער זעלביקער מלאך
דיר ברענגען זיין רעטונגס וואָרט."

ס'איז דער זעלביקער מלאך־הגואל, וואָס דאַרף קומען אויסלייזן די וועלט, — דער זעלביקער וואָס קלייבט זיך שוין אין וועג אַריין זייט דור־רות — און ער קומט ניט.

„און מ י י ן וואָרט, דו זעסט, איז געוויינלעך, —
ניט איך בין אַ העלד, אויך ניט דו; —
זע — בן דוד, פון קץ אונדזער מלך,
קומען נאָענט צו אונדז ביידן צו.."

משיח בן דוד, דער מלך פון קץ, ער קומט „דורך פייער און קויל־גע־פייף",

„און אויף זיין האַרץ פול כבוד
דער נס דער יידישער ברענט:
די לאַטע, דער מגן דוד —
האָבן דיך אין נצח דערקענט".

און ווי אברהם, פירנדיק יצחקן צו דער עקדה, האָט טיף אין האַרצן געגלויבט באמונה שלימה אין דעם איינציקן גאָט פון ישראל, אַז דורך דעם וואָס ער ברענגט זיין קינד פאַר אַ קרבן, וועט ער אויסקויפן די זינד פון אַלע זינדער און עס וועט קומען ריינקייט און קדושה אויף דער וועלט,— אַזוי בענטשט לייוויק דער דיכטער זיין אייגענעם זון אין נאָמען פון דער משיח־אידיי פון דער יידישער געשיכטע און אין נאָמען פון דעם דערליי־זונגס־מאָטיוו פון זיין דור:

„גיי אויף אין נס פון נסים.
צו דערשלאָגן דעם נבזה־געץ —
זאָל דיין נאָמען צוזאַמען זיך גיסן
מיט דניאל דעם נביא פון קץ."

(„דער טאָג", 25־טן אָקטאָבער, 1942)

דאָס איז לייוויקס אונטערבאַוווסטזיניק־מעסיאַניסטישער מיסטיציזם.

דער משיח־מאָטיוו ביי לייוויקן שפּאַרט זיך אָן אי אין דעם טראַדיציאָ־נעלן דערלייזונגס־מאָמענט פון דער יידישער געשיכטע, ווי מיר האָבן גע־זאָגט באַלד אין אָנהייב פון דעם קאַפּיטל, אי אין דער גאולה־זוכערישער אידיי פון זיין עפּאָכע.

דאָס איז די עפּאָכע, וואָס לייוויק האָט אַריינגענומען אין זיינע ווערק, און וועלכע ער לעבט אַדורך אויף זיין אייגענער הויט, און זי איז אָר־גאַניש אַריינגעוואַקסן אין אַלע זיינע שאַפונגען, ווי לעבעדיק בלוט אין אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם.

און וואָס עס מאַכט לייוויקן ערשטראַנגיק איז — לעבן זיין אייגן לעבן נישט אָפּגעטיילט פון זיינע ווערק.

## ט.

## פאטום און טראגיזם

דער בונד, וואס דער מענטש פארשניידט מ י ט ן לעבן איז אן אומ־צערייסבארער, אבער די פרעדעסטינאציע פון טויט, די גורלדיקייט פון ליידן און פיין, ב ע ת ן לעבן, איז אויך נישט צום צעריסן.

אין זיין טראגישן הימן צום אייגענעם לעבן, רעדט לייוויק וועגן אט־דעם בונד מיטן לעבן און פיין:

„דורך תפיסה, דורך הקדש, דורך חורבה
דיך פירן און דורכפירן — לעבן מיינס.
ווייל איך האב פארשניטן א בונד מיט דיר." —

אין אלע לייוויקס מיסטעריעס און מיסטישע לידער גייט דורך אט דער מאטיוו, און אפילו אין זיינע רעאליסטישע ווערק, איז פאראן א מין א י ב ע ר ר ע ל י ז ם, נישט אין גייסט פון דעם סוררעאליזם, וואס האט אן ענלעכן באגריף, — נאר אין דעם העכערן מיסטישן גייסט, וואס שוועבט ארום אין זיינע ווערק ווי דער פאטום אין דער גריכישער טראגעדיע.

דער געוויסן־ און לייטערונגס־מאמענט קומט אומעטום ארויס ביי לייוויקן: אין יעדן ליד, אין יעדן סטראף, אין יעדן געדאנק.

אויף דעם פראסטן מענטשלעך־וואכעדיקן וועג, אין גאנג פון דער אלטעגלעכקייט, ווייל דער דיכטער אויסשפרייטן א טעפיך פון נישט בא־פלעקטן אידעאליזם.

ער זוכט דעם פינטעלע־מענטש אין יעדער רשעותדיקער טאט. לייוויק איז דער ט ר א ג י ק ע ר פון דער יידישער ליטעראטור.

און ער האט גוואלטיק ליב דעם דאזיקן טראגיש־פסיכישן מאמענט ארויסברענגען און אונטערשטרייכן.

נעמט ווי א ביישפיל די טראגיק פון יצחקן אין לייוויקס עקדה־דראַ־מע („עקדת אברהם"), בעת יצחק שטייט אויף פונעם מזבח נאכן נס מיטן לעגענדארישן לעמעלע. ווי גארנישט וואלט פאסירט. אט וואלט ער געקאנט בלייבן אונטערן טאטנס מעסער, — און אט איז ער דער יע־ניקער, וואס דארף ווידער נאך דער גרויסער איבערלעבונג זיך אויפהייב: און זיך לאזן אין דער וועלט אריין מיט א צעריסן געמיט.

לייוויק שילדערט ווי יצחק איז גרוי געוואָרן, ווי אַ טויב, ליגנדיק אויפן מזבח, און אַראָפגייענדיק פונעם אַלטאַר איז ער געווען מלא־צאָרן — „פלאַם און מעסער".

נאַטירלעכערהייט לעבט אויף אין אים די מרידה, און ער פאַרמעסט זיך מיטן זעלבן מעסער אויף זיין אייגענעם טאַטן, זאָל ער אויך פילן דעם טעם פון טויט־אַנגסטן.

עס זאָל פול ווערן דער „לאַגל פון גוואַלט".

דער באַעוולטער, פאַרטריבענער ישמאל, רעדט־צו יצחקן, ווי לוציפער אין בייראָנס קין, ווי דער שטן אין איובן, ווי מעפיסטאָפעל אין פאַוסט, צו זיין טאַט.

און אויף דער אַרענע טרעטן ווידער אויף: דער פאַרטריבענער, באַליידיקטער, אין טויט־אַנגסטן געקאַרטשעטער, און ד ע ר וואָס קאַרטשעט זיך שוין נאָך אַמאָל אין אימת־מות: אברהם, אַליין.

עס בייטן זיך די ראָלן.

דאָס איז די גאולה־קאָמעדיע פונעם מענטשן אין זיין אייביקער לייטערניש. — אויב דער מענטש קאָן זיך אַליין נישט אויסלייטערן פון רשעות, טאָ ווי קאָן ער שוין אויסלייזן אַ גאַנצע וועלט?

די פּראָבלעמען פון גוטס און שלעכטס מאַטערן דעם דיכטער, דער רשע וטוב לו מאָמענט, די ראַנגלעניש, וואָס קומען פאָר צווישן די סאָציאַלע היעראַרכיעס, די געפּעכטן צווישן דורות, — אייביקע קאַמפן צווישן אַלט און ניי.

און דאָס איז דער א י ב ע ר ר א ל י ס ט י ש־סימבאָלישער זין פון לייוויקס אפילו רעאַליסטישע שטייגער־דראַמעס, נישט נאָר פון די סימבאָליש־מיסטישע פּאָעמעס.

מרדכי מאַזע אפילו פון דער דראַמע „די שמאַטעס", הייבט זיך אַריבער פון זיין רעאַליזם אַ שטאָפּל העכער, און ער חלומט פון אַ נייעם אליהו הנביא, ער אַבסטראַהירט אַליין זיין צוגעבונדנקייט צו דער ווירקלעכקייט און פאַרוואַנדלט זיך אין סימבאָל.

און דאָס סימבאָלישע אין לייוויקס פּאַרשוינען קומט אַרויס דורך דער אומפאַרמיידלעכקייט פון פאַטום, וואָס באַלייט דעם מענטשן אין אַלע זיינע טואונגען. ערגעץ אין יעדער מענטשלעכער נשמה קומט פאָר אַ תהומיקער געראַנגל מיט געוירשנטן אַטאַוויזם, מיט דער שולדיקייט, וואָס ראַיעט ווי אַ וואָרעם, מיט דער ציעניש צו שלימות, צו אמת, צו יושר.

— דער קאַמף פון מאַזען איז דער קאַמף מיט זיך און מיטן נייעם דור — מיט זיין זון. ווי אין דעם טראַגישן געפּעכט צווישן טאַטע און זון, אין דער

דראמע פון דעם דיכטער דאָרנפעלד („דער פּאָעט איז געוואָרן בלינד"), — וואָס איז די טראַגעדיע פון אונדזער לשון.

צו אַלע פּערסאָנאַזשן זיינע, האָט לייוויק אַ געהיים שליסעלע. ער גייט אַריין און אַרויס, און ווירבלט אויף אין זייערע נשמות די מעגלעכסטע פּסיכישע קאָנפליקטן, און ער לאָזט זיי נישט רואיק לעבן אַ רגע.

פון זיינע יידישע ליידנס־מאָטיוון טראָגט זיך אַוועק דער פּאָעט צו די אַלגעמיינע ליידן פון מענטשן. ער זוכט אין דער וועלט־געשיכטע טראַגישע פיגורן, כדי אויך זייערע ליידן צו דערשפּירן און זיי אַרויסברענגען.

און די טיפסטע ליידנס־מיסטעריע אין דער יידישער ליטעראַטור איז: „אַבעלאַר און העלואיז".

„דער אמת־טראַגישער וויטאַק פאַדערט אַז עלעמענט פון אומשולד", זאָגט־ווו קירקעגאַרד.

און דעם דאָזיקן קוואַל פון ליידן צוליב אומשולד, צוליב נשמה־טראַנספּאַרענץ, האָט לייוויק געפונען ביי אַט־דעם לעגענדאַרישן קלויסטער־פּאָרל: אַבעלאַר און העלואיז.

וואָס קאָן זיין דורכזיכטיקער און טראַגישער ווי דער ליידנס־מאָטיוו ביי די־אַ העלדן זיינע, לייוויקס?

גוף טוט זיך אינגאַנצן אויס פון לעבן און זוכט די איבערוואַנדלונג אין כולו גייסטיקייט, וואָס מע קאָן נאָר דערגרייכן דורך אָפּזאָגן זיך פון קערפּערלעכן גליק.

די נאָרמאַלע קערפּערלעכע ליבע ווערט ביי אַט די געשטאַלטן לייוויקס פאַרוואַנדלט אין אַ מין אומקערפּערלעכן אַלטרואיזם. אַסקעטיש־נזירישע ליבע, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון קערפּער לשם נשמה.

שותּפותדיקע ליידן, וואָס קויפן אויס יעטווועדן שמץ פון עגאָאיסטישער תאווה, פון פיזישער ליבע. און דאָס דאָזיקע אייביק־מענטשלעכע געפיל טראַנספאָרמירט דער דיכטער אין פאַרהייליקטן ראָמאַנטיזם.

העלואיז איז מקריב איר פרויען־שיינקייט, איר נאַטירלעכן ביאָלאָגישן באַרוף פאַר דער גייסטיקער באַהעפטונג מיט איר פאַרגעטערטן, אויסדערוויילטן — אַבעלאַר.

דורך יאָרן וואָרטעניש און בענקשאַפטן דערשיינט ענדלעך די אייביקע כלה זיינע, אַבעלאַרס; אין געשטאַלט פון אַ מאַנאַך דערשיינט העלואיז פאַר אים:

„דורך אלע קאלטע וועגט האב איך גערופן
די פייערדיקע כוחות פון דער וועלט זיי זאלן קומען
באהעפטן זיך אין דיר. אבעלאר, —
און זאלן העלפן טראגן דיר דיין אויסדערוויילטקייט".

עס קומט די טראגיק פון ליידן, לשם זיכאליינרייניקונג: גייסטיקע ליטערניש.

„... מיין הילף האב איך דיר געשיקט אינגאנצן:
איך האב די פולקייט פון מיין ברוסט פארמאגערט,
כדי עס זאל מיך קיינער נישט באגערן,
און קיינער זאל נישט וועלן מיך בארירן:
כ'האב אפגעשניטן מיינע לאנגע האר,
און מיטן זעלבן מעסער רואיק און גערולדיק
געשניטן מיינע יארן, ווי מע שניידט אפ זאנגען..."

און דער קרעשטשענדא פונעם טראגישן דיאלאג:

העלואיזעס אויפריכטיקייט און צער דערברענגען אבעלארן צו שגעון. ער שפירט אז זיין געפייניקט-געשענדעטער גוף וועט נישט אויסהאלטן, בעט ער זיך דעמלט ביי איר:

„דערלייז מיך פון מיין גוף"!

„און וואס זאל איך מיט מ י י ן גוף דעמלט טאן?", — פרעגט העלואיז:

„... — וועסט טראגן מ י ד אין זיך", — ענטפערט אבעלאר. „און דאס וועט זיין דער זינען." —

„באזונדער טאר א מענטש נישט לעבן
און איינער מוז זיך אויפלייזן אין צווייטן:
ביזט נישט מיין ווייב געווארן, זיי מיין מאמע-ערד
און נעם מיך ווי א מאמע-ערד אריין אין זיך..."

אויפלייזונג, אלזא, ווי א מיטל צו ד ע ר ל י י ז ו נ ג. מקריב זיין ז י ך לשם א העכערער מענטשלעכער אידייע.

דער אינדיווידואום איז ביי ליוויקן דער אויסדרוק פון א קאלעקטיוו ווילן צו א מער דערהויבענער לעבנס-געשטאלטיקונג, צו א שענערער לעבנס-דערפינדונג.

פון פערזענלעכן פיין ווערט צער פון קאלעקטיוו. פונעם אינדיווידועלן זיך אויסטענהן מיטן באשעפער, ווערט קאלעקטיווער אויסגעשריי נאך דערלייזונג:

פון דעם ווילן זיינעם, אבעלארם ,זיך צו באפרייען פון זיין אפּייר־ניקטן גוף, וואקסט ארוים דער קאלעקטיווער ווילן צו אלגעמיינער באַ־פרייאונג, פון זיינע תביעות צו זיין פייניקער, דעם גאטס שליח, פאטערל גרעגארי, וואקסן אוים בלוטיקע טענות פון א גאנצער מאסע געפייניקטע און געשענדעטע, צו זייערע שענדער און פייניקער:

אבעלאר טענהט צו דער השגחה, אויפן אדרעס פונעם פאטער גרע־גארי, און מיט וואס פאר א שארפקייט:

„מיין פייניקער, מיין שענדער איז א פאטער איצט א הייליקער,
א מדריך און א לייטערער פון מיין נשמה.
ער זאגט, אז די השגחה האט געוואלט אזוי. —
א, ענטפער מיר השגחה, פארוואס לאזטו יעדן לומפּ
צו ריידן אין דיין נאמען?
פארוואס זאגסטו ניט אליין ארוים
אין וואס באשטייט דיין ווילן?...”

און ער איז מורד קעגן דער השגחה, אבעלאר:

„... דו שווייגסט ווי אט דער דיל, אויף וועלכן איך ליג,
דו שווייגסט ווי אט די ווענט, וואס היטן מיך:
און איצטער וואלסטו נישט באדארפט מער שווייגן.
עס מוז דאך זיין א רגע, ווען אפילו שטיין זאל עפענען א מויל
און נעמען ריידן,
און נישט נאר ריידן — שרייען פראטעסטירן
און אויסברעכן און אויפשטורעמען די נאכט,
און אויב עס איז נישטא אזא רגע איצט,
ווען שענדער טראגט אויף זיך די קרוין פון צדיק,
און דער געשענדעטער — דעם צארן פון א רשע, —
איז ווען זשע אנדערש קען די רגע אנטשטיין?...”

און דא דערהויבט זיך שוין אבעלאר מיט זיינע תביעות צו דער השגחה — צו פּראטעסט קעגן גאנצן סדר פון צביעות און אומרעכט.

אבעלארס רעוואלט איז דער רעוואלט פון די ליידנדיקע קעגן זייערע שענדער און שינדער אין שטריימלעך פון צדיקים.

דער קריסטלעכער מורד אלקים, ווערט ס א צ י א ל ע ר רעבעל קעגן א וועלט סדר.

און מיט וואס פאר א סאציאלן פאטאס עס טענהט העלואיז:

„... זאָל רשעות זאָגן וואָס זי וויל! אין אונדז
וועט סיוויסיי צו איר נישט זיין קיין אַנדער ענטפער
ווי נאָר פאַראַכטונג און פאַרדאַמונג.
און אונדזער כוח איז געווען און איז נאָך מערער איצט
עקשנות, אויסדויער און שטאָלץ...״

און נביאותדיק ווערט זי אין אירע טענות:
„... אַמאָל אָבער וועט אַנטשטיין אַ מינוט, אַבעלאָר,
און אויסדויער אין אונדז וועט אויפרייסן
און אָפּהילכן פון איין עק וועלט ביזן צווייטן
וועט אונדזער רוף נאָך משפּט...״

זי ווערט אויסגעטאָן אינגאַנצן פון גוף און ווערט כולו־רוחניות. גאָלע סאָציאַלע מאָנונג און זי וואָרנט דעם פּאַטער גרעגאָרי, אַז „די ביידע גופן זיינען איינס, די ביידע גופן זיינען מעכטיק, אין זייער האַרטקייט וועט יעדערער ווי דו (פּאַטערל גרעגאָרי) זיין הענקערישן קאָפּ צעשמעטערן״. און די אידיי אירע פון נקמה פאַר אומרעכט און איר גלויבן אין ענדגילטיקער גערעכטיקייט ווערט דאָ איצטער נאָך קערנדיקער, אויסגעטאָנענער פון שאָלעכץ, ווען זי איז מתרה דעם פּאַטערל גרעגאָרי:

„פאַר יעדן טרער אַבעלאָרס,
פאַר יעדן קרעכץ פון וויטאַק און דערנידעריקונג,
וואָס דו האָסט אונדז פאַרשאַפט,
פאַר יעדן טראָפּן בלוט —
אַ חשבון וועסטו געבן...״

און דוכט זיך אייך נישט, אַז דאָס רעדט נישט קיין מאַנאַשקע, נאָר אַ סאָציאַלער נביא רעדט עס אין נאָמען פון אַ ליידנדיק־געפּייניקטן קאָלעקטיוו?

יאָסעלע גולם — דער אויסדריקער פון דעם מאַסע־מענטש זאָגט צו חנינהן, ווען יענער וויל מיטלייד האָבן פּלוצים מיט יעדן בעל־חי, און ער וויל גאָר מיט רחמים משפּטן זיינע שונאים:

„איך קאָן דיך ניט. ניט דיך. ניט זי (דבורהן). איך וויל אייך מער נישט קענען״.

און מיט רייף געוואָרענער, אויפגעקאָכטער שנאה, רעדט ער ווייטער צו חנינהן:

„צאָל אָפּ פאַר יאָרן אין די קעלערס,
אין די גריבער, אין די תפיסהס. — —״

„— — — צאָל אויך אַפּ פאַר אַלע יאָרן די געפּינצטערטע אויפֿן בוידעם, צאָל אַפּ! צאָל אויך אַפּ זיך אַליין פאַר גאָר דעם עלנט דיינעם אין דער מדבר, צאָל אַפּ!"

פאַר יאָסעלע־גולם איז אַלץ איינס, משיח בן יוסף, דער גראַדלייניקער טיראַן, וואָס וועגדט זיין גאַנצן ווילן אויפן פונקט: הערשאַפט; וואָס צוליב זיין איינגעשמועסטן קאָמפּלעקס פון אויסדערוויילטקייט, און צוליב זיינע בלומרשט מענטשדערלייזערישע מאָטיוון טוט ער אַפּ די מעגלעכסט־אוממענטשלעכסטע טאַטן, — צי חנינה — משיח בן דוד, דער מיט רחמים־פולער צו יעדער קרעאַטור, און ער איז באַדיי ז י ד מקריב אבי די גאולה פאַר זיינע מיטמענטשן זאָל קומען.

עס איז אַלץ איינס פאַר יאָסעלע גולם, און אין זיין צאָרן שרייט ער מיט יובל אויס, ווען משיח בן־יוסף טרעט אין זיין טריאומף־מאַרש אַריבער די קעפּ פון די „שונאים פון פאָלק":

„זאָל לעבן דער נוקם וגוטר!"

די מאַסע איז אומגעדולדיק, פאַרפּייניקט, זי וויל די גאולה וואָס גיכער, און זי איז צופרידן מיט וועלכן גואל עס זאָל נישט זיין, צייטווייליקע גאולה איז אויך גאולה, און נקמה, זאָגט די מאַסע, צוזאַמען מיט דעם נביא אַרמילוס — נקמה — איז זיס.

אַט ווי די דריי גאולה־העלדן, לייוויקס, שטעלן זיך אַליין פאָר, —

יאָסעלע — דער ערשטער כמו־דערלייזער דורך פּיזישן כוח (דער גלגול פון גולם):

„כ'וויל זען ווי מע זעצט זיי אַריין.
כ'וויל זען ווי מע דערלאַנגט זיי.
איך וויל אַליין פאַרציען די קייט אַרום זיי...
איך וויל האָבן די פולע פרייד פון דערלאַנגען זיי איבערן קאָפּ.
איך וויל זיי אַליין דערלאַנגען!
פאַרהאַלט מיך ניט, ברודערל."

משיח בן יוסף — זיין ברוטאַל־הערשעריש׳ער נאַכגייער, דער גואל פון כולו־חיב:

„יאָ, טויט. — דורך מיינע אייגענע פינגער
וועט דורכרינען דאָס בלוט פון גוג ומגוג. —
איך בין דער שליח אייערער,
גערעכטער משפט בין איך. —
איך בין גערעכטער פסק.
איך בין אַליין — די האַק."

און חנינה — דער אידעאַליסטישער ‚מלא־רחמים־ און כולו־זכאי־
דערלייזער:

„זײַ צאַפּלען זיך נאָך, — די גופֿן.
די קעפּ — ניט.
צו וואָס האָב איך באַדאַרפֿט גיין זען?
צי מוזן מײַנע אויגן זען יעדן דערהרגעטן?
צי מוז איך טרויערן איבער יעדן דערהרגעטן?
אפילו איבער רשעים?
צי טאָר איך קיין איינעם ניט פֿאַרפֿעלן?
צי וועל איך עס אויך מוזן טאָן מיט מײַנע אייגענע הענט?"

טראַגישע מעטאַמאָרפֿאָזעס:

דער גולם־גואל באַשאַפֿענער אין צלם־מענטש, האָט זײַן שליחות פֿון גאולה נישט דערפֿירט; משיח בן יוסף, וועמענס געוויסן איז געוואָרן דער אימפּעראַטיוו פֿון הערשן און באַצווינגען, קאָן די גאולה נאָר דורך בלוט נישט ברענגען; אויך ער, ווי דער לעצטער חיב — קומט אום; —און חנינה, משיח בן דוד, דער רחמימדיקער אויסלייזער, איז גוזר אויף זיך אַליין אומ־צוקומען, אויב דורך דעם זאָל נאָר קומען די גאולה פֿון דער וועלט.

בלײַבן בלײַבט דער תליון און בלײַבן בלײַבט דער נביא פֿון אייביקן הײַנט, וואָס פּאַסט זיך צו צום קאָליר פֿון אַלע געטער און משיחים, — און די וועלט איז אין שטענדיקער ערב גאולה.

די פּערמאַנענטע רעוואָלוציעס פֿון משיחס צײַטן.

די רעוואָלוציעס, וואָס עסן אויף זייערע פֿירער, די משיחים.

„צי איז נישט אַ פֿאַקט, אַז אַלע גרינדער פֿון רעליגיעס, אַלע אויפֿ־הייבער פֿון אויפֿשטאַנדן און געשיכטע־ענדערער... זײַנען אַלע אומגעקו־מען נישט זעענדיק דאָס לאַנד פֿון זייער האָפֿענונג?", — פֿרעגט לייוויק אַליין אין זײַן פֿאַררעדע צו דער ערשטער אויסגאַבע פֿון דער „גאולה־קאָמעדיע".

און אין אַ ליד דריקט לייוויק אויס דעם דאָזיקן געדאַנק נאָך עלאַ־קווענטער:

„אַז משה איז געוואָרן באַשטראָפֿט צו שטאַרבן
אין מדבר ביים לעצטן ראַנד —
פֿאַרוואָס קומט יהושע בן נון צו אַרבן
דאָס גאַנצע פֿאַרשפּראָכענע לאַנד?

פּאַרוואָס קומט יהושען, חוץ רום און כּבֿוד
נאָך ריינעם געוויסן דערצו? —
דער גוף אין פּאַנצער און שווערד פאַרקאַוועט,
דאָס האַרץ — אין פולער רו..."

(א. וו. ז' 599)

טראַגיק און פּאַטוס, אומפאַרמיידלעכקייט פון גורל.

א פאַרכישופטע, פאַרבלוטיקטע ראָד, וואָס טרייבט די פּאַסירונגען פון דער וועלט.

פּיין — אין נאָמען פון באַפרייאונגס־אידעאַלן.

פּיין פון יחיד אין נאָמען פון כּלל.

אויך יאָסעלע, אין זיין צווייטער עקזיסטענץ פון גולם, ווערט אויפ־געלייזט אין זעלבסט־פּיין, אין צער.

ווען מע טוט אָן חנינהן, משיח־בן־דוד, די קייטן, אַראָפּצופירן אים אין קעלער, ברעכט יאָסעלע צוזאַמען און ער פאַרגייט זיך אין א מוראדיק געוויין:

„כ'וועל אויפרייסן די ווענט מיט מיין געשריי,
וועל זיך אליין פאַנאַנדעררייסן..."

ביטערע אַנטוישונג אין די גואלים און אין די גאולהס.

און אין זיין טיפן צער ווערט דער פּשוטער פאָלקס־פאַרשטייער, דער נאַאיווער כוחדיקער גואל, — דער מאַטעריאַל אין הענט פון אַלע משיחים, אויך טיף טראַגיש.

און יאָסעלעס טראַגיזם דריקט זיך אויס אין זיין אוועקרייסן זיך פון זיין געליבטער, דבורהלען; ער רעדט צו איר ביטערע, נאַקעטע און טיף־טרויעריקע רייד:

„פונדעסטוועגן טייל אוים אביסל ליבשאַפט אויך פאַר מיר!
וואָס זאָגסטו, דבורהלע?
צי אפשר קומט מיר גאָר אינגאַנצן נישט?..."

ס'איז א מין שטיק אבעלאַר־בענקשאַפט און הייליקונג דורך פּיין.

דער מענטש — אין אייביקער צעריסנקייט, אין אייביקן קאָנפליקט צווישן גוטס און שלעכטס — איז לייוויקס אידיי.

דער מענטש, — אָט פאָדערט ער נקמה, משפּט — און אָט ווערט ער צאַרט און רחמימדיק און האָט פּלוצים גאָר הנאה פון אייגענעם פּיין און ליידן. ער פרייט זיך גאָר אַזוי אומפאַרשטענדלעך, וויינענדיק אַזש פאַר פרייד, הלמאי ער „קאָן זיך אָפּזאָגן פון דער, וואָס ער האָט ליב"!

אָפּזאָגן זיך — לשם וואָס?

מקריב זיין דאָס פּערזענלעכע לעבן פאַר דעם געדוכטן ווילזיין פון דעם מיטמענטשן.

דבורהל, פּונקט ווי העלואיז, ווערט כולו־רוחניות. געלייטערטע גייס־טיקייט ווערט זי. זי קערט אָפּ דאָס פּנים פון חנינהן, לויט זיין באַפעל, און זי ווערט דורך דעם פּאַטום פאַראורטיילט צו טראָגן חנינהס געשטאַלט אין זיך, אין איר נשמה.

דער דיכטער אַליין פאַרמשפּט זיינע געשטאַלטן אויף פּיין און גייסטי־קער לייטערניש. און זיי באַוועגן זיך ווי דורך אַ געהיימער האַנט דורך גורל־דיקייט, דורך פּאַטום.

נישטאָ קיין פיזישע פרייד ביי לייוויקס העלדן.

און זייער שליחות — איז צו זיין די טרעגער פון וועלט־דערלייזע־רישע אידייען, אננעמענדיק באהבה אַלע פּורעניותן און ליידן, טרויער און צער, וואָס זענען פאַרבונדן מיט די חבלה־משיח פון אונדזער עפּאָכע.

ז.

## אויף די וועגן פון אין-סוף

„... די פעלדער ליגן אָפן,
די וועגן — אין געדריי, —
איך זינג צו די אין־סופן
אין פוסטריט ווו איך גיי..."

(ה.לייוויק)

נאָר גאָר פון אָנהייב איז לייוויק געגאַנגען צו דעם „לאַנד דעם פאַרבאָ־טענעם", וואָס איז געלעגן ערגעץ ווייט און האָט געוווּנקען מיט אומזיכטיקע פייערלעך, ביז ער איז אָנגעקומען „אין קיינעמס לאַנד", — און איצט גייט דער דיכטער „מיט בערגלדיקן שליאַך" צו די אין־סופן: אַהין ווו עס ענדיקט זיך נישט דער מענטשלעכער וועג.

דער וועג איז נישט קיין לייכטער:

„אין בלוט מיינע קליידער, — די פיס קוים איך שלעפּ,
איך קום מיט אַ ליבשאַפט פון לעצטן געלייטער;
איך קום צו אַ שטיבל, איך פאַל אויף די טרעפּ — — —
איך הייב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער..."

און אין אַ ליד צו יידישע קינדער („אונזער חלום") דערציילט זיי, לייוויק, דאָס אַלט־נייע מעשהלע פון משיחן, אַז ער שטייט אין דער וויס־טעניש פון מדבר „פאַרשמידט אויף אַ קייט", און אַז „ער וואַרט אין האָ־פענונג" ביז „מענטשן וועלן ווערן גרייט", און ער פאַרזאָגט זיי, די יידיש־ע קינדער: —

„אַ יידיש קינד זאָל קיינמאָל
נישט אויפהערן צו זיין גרייט
צו זוכן די טריט פון משיח
און אָפּבינדן אים פון דער קייט."

דאָס איז ביי לייוויקן נישט סתם אַ משיחיסטישע טעמע, אַזוי צו זאָגן, אַ טעמע מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי איינגעלעבט, אַז ער האַלט זי אין איין וואַריאירן — נאָר עס איז אַ דבקותדיקע באַציאונג צו אַ טעמע. משיח

ווי אַ סימבאָל פון דער דערלייזונגס־דורשט פון אונדזער עפּאָכע; די עפּאָכע פון סאָציאַלע איבערקערענישן און פאַרשידנסטע געזעלשאַפטלעכע שטרע־מונגען, וואָס שטראָמען אַלע צום איינציקן אויסגאַנג־פּונקט: ברענגען פאַר דער וועלט — אַ מ ש י ח.

און קיינמאָל האָט די גאַרע וועלט נישט געבענקט אַזוי נאָך אים און אין אים אַזוי זיך נישט געגוויטיקט, ווי אין א ו נ ד ז ע ר צייט, וואָס איז פול מיט היפּוכים און קאַמף, אין זוכעניש פון נייע און נייערע וועלט־ווערטן. און דערפאַר איז פאַראַן ביים היינטיקן מענטשן אַזאַ אַנגעברייטקייט אָנצו־נעמען יעדן פּסעוודאָ משיח פאַר אַן אמתן. און די שבתי צבי און די פראַנקס פאַרנעמען, בכן, אַזאַ אָרט אין דעם גאולה־מאָמענט פון אונדזערע משיח־טעג.

„ס׳איז ניט קיין חלום־ליד, ס׳איז וואָר, —
עס עפנט זיך דער תהום פון גרויל אַלץ מערער;
ס׳האָט פּאָו געלעבט אין דור פון נעווערמאָר,
און איך — אין דור פון שענדונג און פון טעראָר" —

זאָגט לייוויק אין אַ ליד פון דעם לעצטן פּעריאָד פון זיין שאַפן.

דער דור פון „נעווערמאָר", פון קיינמאָל נישט רעאַליזירטע חלומות, איז אויך לייוויקס, און נישט נאָר פּאָוס אַליין.

די גאַנצע משיחיסטישע אידיי, ווי זי מאַניפעסטירט זיך אין לייוויקס ווערק, איז אַ מין „נעווערמאָרישע"; אַ קיינמאָל נישט דערגרייכבאַרע, אין דעם זין טאַקע פון דעם יידישן אחרית־הימים־באַגריף, וואָס איז אין דעם פּשוטן טייטש פונעם וואָרט, — דאָס ק ו מ ע נ ד י ק ע. יענער מאָרגן, וואָס וועט קיינמאָל נישט ווערן — ה י י נ ט. ווייל אין אָט דעם אחרית־דיקן עתיד ליגט שוין פאַרבאָרגן דאָס קערנדל פון אַ נייעם בראשית.

אין דעם באַשטייט אויך די טראַגיק פון אַלע לייוויק־פּערסאָנאַזשן אָדער געשטאַלטן, וואָס קומען נישט קיינמאָל צום ציל, פירן נישט אויס זייער מיסיע אינטעגראַל.

זיי גייען אַרום, די פאַרגייסטיקטע געשטאַלטן, לייוויקס, אויף די וועגן און אומוועגן פון דעם א י ן ־ ס ו ף, פון דער אומענדלעכקייט, טראָגנ־דיק די שיינע חלומות פון דעם נביאיש־משיחישן אידעאַל, וואָס ווערט, דוכט זיך, אייביק פאַרווירקלעכט, נאָר קיינמאָל נישט ביזן סוף.

און פּונקט ווי לייוויק אַליין דערבליקט אין זיינע לידער די מיסטעריעס פון טויט און אייביקייט, אַזוי כאַפּן זיך אַריבער אויף יענער זייט לעבן די געשטאַלטן זיינע, און ווילן נישט שטאַרבן: נישט דער גולם שטאַרבט; ער ווערט מגולגל אין יאָסעלען אין דעם צווייטן אַקט פון זיין לעבנסטראַגעדיע;

נישט חנינה קומט אום אויף אַן אמתן, — ער בלייבט לעבן אין דעם נייעם משיח, וועלכן מע בינדט שוין מן הסתם ערגעץ ווו נאָכאַמאָל אין אַ מדבר צו פּעלדזן; ער בלייבט לעבן, חנינה בן־דוד, אין דער נייער משיח־אידיי, וואָס וועט אַמאָל ווידער דערשיינען אין אַ נייעם פּרווו פון אַ סאָציאַלער איבער־קערעניש, — און עס וועט ווידער אַט־אַט רעאַליזירט ווערן דער אחרית־הימים־חלום פון דער ענדלעכער וועלט־דערלייזונג...

דערווייל אָבער — „געפּייניקט זיינען אַלץ נאָך די גערעכטע, און עלנט זיינען אַלץ נאָך די וואָס האָבן ליב", — זאָגט לייוויקס נישט־יידישע „נביאהטע", העלויז, — אוועקגייענדיק פון דעם נישט רעאַליזירטן חלום אירן — אַבעלאַרן. זי גייט אוועק אין „טונקלקייט פון אוונט". אין פּערמאַנענטער וואַנגלעניש.

נישט העלויז אַליין נאָר איז פאַרמשפּט ביי לייוויקן אויף פּערמאַנענטן נע ונד זיין. אַלע זיינע געשטאַלטן שלאָגן זיך „אַן ווענט פון עלנט" אָדער זיי בלאָנדזשען אַרום, ווי מעטערלינקס בלינדע, זוכנדיק אַ וועג דורך וואַלד־פּלאָנטערס צו דער אָפענער וועלט.

זיין אייביקע סימבאָליק איז עס, וואָס פאַרהייטלט די דורכלויכטן פון וועלט־אָפנקייט. און דעם דרך המלך פון דער געלעבטער וואָר פאַרשטעלט דער נעפּל פון דער אין תוך נישט פאַרענדערלעכער אומענדלעכקייט, וואָס אויף אירע שטחים באַוועגן זיך לייוויקס געשטאַלטן און פיגורן,

דאָס איז דער וועג, וואָס איז פול מיט אבני־נגף, דער וועג פון פּיין.

און נאָר דאָס פייער פון די מאַרטירער אויף די מזבחות פון דער וועלט באַלייכט אַט דעם שווערן, אומענדלעכן דערנער־וועג פון אייביקן גאַנג צו דערלייזונג.

ער באַווייזט נישט מער אין זיינע ווערק ווי נאָר אַט דעם וועג פון פּיין, ער צעעפנט די נשמות פון זיינע געשטאַלטן, וואָס בענקען אַזוי נאָך גאולה, רייסן זיך צו איר — און פאַלן ביי די טויערן פון נישט דערגרייכטע חלו־מות.

לייוויקס געשטאַלטן פירן אוים ניט מער ווי זיין שליחות, ווי דער גולם — דעם מהר"לס. נאָכדעם קאָן ער זיי שוין רואיק אַוועקשיקן אויף די בוידע־מער און מאַנסאַרדעס צו חלומען ווידער זייער אייביקן גאולה־חלום.

אויב אין די לידער זיינע איז לייוויק צווייגעשטאַלטיק, איז ער אין זיינע דראַמאַטישע פּאָעמעס פילגעשטאַלטיק (זיינע רעאַליסטישע דראַמעס פאָדערן אַ באַזונדערע אָפּהאַנדלונג).

און ווען די לידער זיינע קאָן מען זאָגן אין סך־הכל דאָס, וואָס מע דאַרף איינגנטלעך זאָגן ווען יעדער עכטער פּאָעזיע: ביז דער דיכטער לייזט זיך

ניִשט אויף אין זיין ליד, איז דאָס ליד נאָך ניִשט ל י ד, נאָר אַ רעפלעקס פון אַ קינסטלערישן ווילן, וואָס איז ניִשט געקומען צום פולן אויסדרוק. לייוויקס פּאָעזיע אָבער איז ווי אַ מין קאָרידאָר, דורך וועלכן מע קומט אַריין אין די „קראַנקע צימערן" פון דעם דיכטערס נשמה.

און ניִשט נאָר דער ליריקער אַליין וווינט אין אָט די געהיימע חדרים פון זיין „איך", עס קומען אַהין אויך די געשטאַלטן זיינע נהנה צו זיין פונעם דיכטערס אויסשטראַלונג, צונויפגיסנדיק זיך אַזוי מיט זיינע ליידן־פריידן, אַז זיי זאָלן ווערן אויך זייערע, און אַז זיי זאָלן זיי נאָכדעם אַרומטראָגן און אַריבערטראָגן אין זייערע פאַרשיידנסטע גלגולים.

נאָר לייוויקס געשטאַלטן טוען זיך ניִשט אויס בכיוון פון לעבן, ווייל זיי ווילן דעזערטירן פון דערווירקלעכקייט, נאָר זיי טרעטן אָפּ איינער דעם צווייטן דאָס אָרט אויף דער אַרענע פון די וועלט־דערלייזערישע קאַמפן, אין וועלכע זייער באַשאַפער האָט זיי אַריינגעטריבן.

און אויך לייוויק אַליין איז ניִשט קיין איבערלויפער פון איין מחנה אין דער צווייטער; ער אַנטלויפט אויך ניִשט אין דער פאַרגאַנגענהייט, ווייל ער וויל אַנטלויפן פון דער היינטיקייט, וואָס ברענט אים די פיס, נאָר ווייל ער וויל זיך שטעלן פון אַ פּערספּעקטיוו פון די געשעענישן און זען קלאָרער דאָס בילד פון אונדזער היינט.

די קונסט אָבער איז פאַר לייוויקן, ווי פאַר יעדן קינסטלער, יאָ אַן עיר־מקלט, ווייל איר עמאַציאָנעלע וועלט ווייסט ניִשט פונעם שקר־און־אמת־געפיל פון דער ווירקלעכקייט; אין איר זענען ניִשטאָ די רע־וטוב־פּראָבלעמעס. דאָס קונסט־געפיל בענקט נאָך דער אַנטפּלעקונג פון דער שלימות־דיקער שיינקייט.

און דורך איר, דורך דער קונסט, קאָן דער דיכטער ווידער זוכן ווי צו פאַרבינדן דעם איבערגעריסענעם פאָדעם פון מענטש־און־וועלט־איינהייט.

דאָרטן קאָן ער פון קיינעם ניִשט געשטערט זען זיין אייגענע וועלט, וואָס ער בויט זי אויף אידעאַלע יסודות, די וועלט פון שיינקייט און גוטס. ער קאָן, יעדנפאַלס, אין דער קונסט, אין איר געפיל־ספערע אינערלעך שטרעבן צו אַזאַ וועלט.

און נאָר דורך דער קונסט קאָן דער קינסטלער געפינען דעם געגאָרטן סינטעז צווישן עטיק און עסטעטיק. דעם מאָראַלישן ווילן אַנגעקליידט אין אַן עסטעטישער פאָרמע.

און ווייל לייוויק שטייט אין פאָלק, שפירט אַדורך אַלע זיינע זוכונגען, האַנדלונגען און פאַרוואַנדלונגען, אַלע זיינע סאָציאַלע מעטאַמאָרפאָזעס; און ווייל ער האָט דערפילט מיט זיין קינסטלערישער אינטואיציע,

וואָס איז דורכגעגאַנגען די פּילטערס פון באַוווסטזיין, דעם אָטעם פון זיין דור; אַריינטועענדיק זיך אין זיינע ווידעראַנאַנדן ווי אַזאַ איינער וואָס איז אַ פּאַראינטערעסירטער צד, — האָט ער געקאָנט ווערן דער קינסטלער אין סטיל פון זיין גרויסער עפּאָכע.

און יעדע עפּאָכע, יעדע גענעראַציע, חזרט איבער אין דער קונסט די גאַנצע געשיכטע פון דער מענטשהייט, געזען אָבער דורך די אויגן פון דער געגעבענער עפּאָכע.

און לייוויק איז דער טיפּישסטער פאָרשטייער אין אונדזער ליטעראַ־טור, וואָס איז פול נישט נאָר מיט די אידייען פון אונזער צייט, מיט אירע טיפערע, מענטשלעכע אידעאַלן, פאַרבינדנדיק זיי מיט די אידעאַלן און חלומות פון אַנדערע צייטן, — נאָר ער איז אויך פול מיט דעם גרויסן, וואַקסנדיקן אומרו פון ווערן, פול מיט פאַראַנונגען פון דער צייט וואָס האַלט אין קומען.

לייוויק — דער דיכטער אין סטיל פון אונדזער עפּאָכע.

מעקסיקע, נאָוועמבער, 1942.

## ווערטער וואַרטן אויף אויטאָדאַפיען...

(ה. לייוויקן)

...קום מיט מיר און זע ווי איטלעכער אות פון מיין געראַנק
שפּרינגט אַרום ווי אָפּגעבריט פון פייערדיקער ליפּ. — —
און ווי עס פאַלט אַ קאָפּ אַראָפּ פון מעסער־שאַרף אויף קאַלטער באַנק, —
פאַלן וואָרט נאָך וואָרט אין אויפגעמאַכטער האַנט פון לינאָטיפּ. — — —

לייגן זיך די ווערטער אויס ווי נאַענטע — איינס צום אַנדערן:
ווערטער ערשט פון אַנגעהייצטן קאַלך־אויוון אַרויס. — —
און מיטאַמאָל ווי זיי וואָלטן וועלן פּלוצים וואַנדערן —
פון איינגעפּרעסטער האַנט דער אייזערנער טוען זיי זיך אויס...

מיט אַ צדיק נעמט אַרום זיך לאַמעד־וואָוו און זיי לאָזן זיך געהיים
אין דרכים די פאַרהוילענע פון פאַסעך־שין־און־שאַ...
נאָר גימל — גוויים אַלץ פאַרלוירענע אין סאַמעך־מעם,
אין סטרא אחרא פונעם בייז, — קראַקען מיט די קופּן קרומע: „קראַ!".

און ס'קומען אָן פון צווישן פלאַמען פון אַט־אַ דעם פּיי
קליינע יידעלעך מיט יאַרמולקעלעך פּיצינקע ווי מאָן. — —
און זיי נעמען ווירבלען זיך אין קנוילנדן געשריי,
אַז אַלע אותיות הייסע, פייערדיקע שטעלן זיך אין קאָן...

דער ריש פון רעוואָלוציע שרייט: גימל פון דער גאולה גרויליט,
און אחרית הימימדיקער אַלעף — שטייט זיך אָן אַ זייט. — — —
פון משיחן דער מעם — דער מום צעממיתטער, מורמלט: „הילף און ברויט"
און קוף — קרעמער קנאַרערדיקער קויפט, פאַרקויפט און בייט...

ליגנערישער לאַמעד מיט לאַנגן פּיי פאַרעטער — פראַנק און פריי
שפּילן זיך דערוויי̆ל מיט חומרדיקן חעס אין חיי־שעה. — — —
און היטלער־היי מיט הימלער־האַק און קרייץ און בליי
מיט שין פון שנאה שעלט ווי שאַטנדיקע קראַ. — — —

דער כאַאָס־כאַף כאַרכלט פֿונעם תהום — און דער זייען זינגט
אויף סטרונעס־ווו פֿאַרבליבענע פֿון שטורעמדיקן ווינט. — —
דער עין איז מעיין. אין דעם אָפּגרונט ווו אַלץ זינקט, —
נאָר נון נאַאיוועך וואַרט אויף נס פֿון הימל־לאַבירינט. — — —

— „טאַ ווער זשע ווער?", — טענהט מיט דער וועלט ס'טרויער יידעלע, —
ס'יאָמערדיקע יידעלע מיט יאַרמולקע דער פּיצינקער ווי מאָז, — —
אַז גימל־גוי און היטלער־היי שפּילן ערשטע פֿידעלע —
און זייען — זומערס זון הענגט נישט אויס די פֿרייע פֿרילינג־פּאַז!...

פֿליען פֿלינקע אותיותלעך און פֿריידיק פֿלאַטערן
אַרום דעם קאַלד־אויוון, וואָס ברענט ווי רויטע שייטערן. —
אַ צדיק ציטערדיק זיך וואַרפֿט — אויף נישט צום מאַטערן —
אין פֿלאַם־פֿייער תהום זיך דאָרט צום לייטערן. — — —

און ווערטער וואַרטנדיקע שטעלן אין די רייען זיך:
לאָמעד־וואָוון וויינענדע און יאוש־יידעלעך פֿון יאָמער־טאָל;
און ס'נעמען אַלע פֿייער־פֿלאַמענדיקע פֿייען פֿרייען זיך,
ווען ס'צוקן צינגער צינדנדע אין מויל פֿון אויפֿגעגליטן שטאָל...

ווי סמבטיון רוישט דער קאַלד־אויוון און זידט,
און ווערטער ברענענדיקע שרייען שפּרינגענדיק פֿון אויפֿגעגליטער ליפּ,
ווען ס'פֿאַלט אַריין אין פֿייערדיקן בליי מיין אומעטיקע ליד,
און ס'שרייט מיט גאולה־„גוואַלט" — ס'הייסע מויל פֿון ליגאַטיפּ...

מעקסיקע, 29־טן נאָוועמבער, 1942.